# דער יוד

# (DER JUDE)

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

→ פערלאג: חברה „אחיאסף". ←

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רוביל.
האלב יאהרליך —.3 רוביל;
פיערטעל יאהרליך 1.50 רו"ב.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „

איינצעלנע נומערן 15 קאפ. — 30 העלער.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
רייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Krakau. 14 Feber 1901. | נומר 7. | קראקויא, שבט תרס"א.


| ה. תרס"א → וואכען־קאלענדער (לוח) ← 1901 | | | | |
|---|---|---|---|---|
| די טעג פון חודש | וואך | שבט פעבער־לוטי | נייער ס. פעבער | אלט. ס. פעוור. |
| כ"ח | זונטאג | | 16 | 4 |
| כ"ט | מאנטאג | | 17 | 5 |
| ל׳ | דינסטאג | א׳ דר"ח אדר. | 18 | 6 |
| א׳ | מיטוואך | ב׳ דר"ח. | 19 | 7 |
| ב׳ | דאנערס. | | 20 | 8 |
| ג׳ | פרייטאג | | 21 | 9 |
| ד׳ | שבת | שבת תרומה. | 22 | 10 |

### קורצע פערצייכנונגען פון דער יידישער געשיכטע.

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| כ"ח | ג.תקצ"ח | האט אנטיוכס אויפגעהערט בעלאגערן ירושלים. |
| ״ | ה׳תר"ם | געשטארבען ר׳ יצחק (אראלף) כרמיה אין פאריז. |
| כ"ט | ה׳תתק"ג | זענען די יורען פון שטאנדפורט פערמשפט געווארען צום טויט. |
| ל. | ה׳ ק"צ | געהרג׳ט אויף קדה"ש 9 יודען אין אי. |
| א׳ | ה׳תתכ"ז | געשטארבען הר׳ אברהם אבן עזרא. |
| ״ | ה׳תכ"ג | ״ רבינו הש"ך. |
| ״ | ה׳ת"ר | עלילת דם אין דמשק. |
| ב׳ | ה׳שס"ו | פערברענט עקדה"ש פיעל אנוסים אין שפאניען. |
| ג׳ | ג׳ ח׳ג | פערטיג געווארען דער בית-שני. |
| ד׳ | ה׳ ס"ז | נקבר געווארען מהר"ם מרוטנבורג וואס איז געשטארבען אין תפיסה. |

## אינהאלט.




## צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE", Krakau, Gertrudy 19

איןווארשא:
Verlag „Achiasaf", Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien II. Krumbaumg. I.

אין לאדז, ביי אונזערעם פערטרעטער:
S. Hochberg, Lodż, Cegielnianastr. 36.

דער "יוד" איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער
1920 a Nachtrag VII.

# זקן העתונים העברים וראשון לציון, המליץ לשנת הארבעים ואחת לצאתו לאור

**מכתב עתי לכל דבר הנוגע ליהודים בפרט ועניני מדינה ספרות ומדע בכלל,**
**יוצא בפטרבורג מדי יום ביומו.**

בראשית שנת תרס״א נמלאו כבר ארבעים שנה, מאז החל המליץ לצאת לאור, ושנות בינה אלו פוטרות אותנו מלדבר על ערך המליץ ואם נאמר להללו — יהלל המפעל את פועלו ולא הפועל את מפעלו. עלינו רק להגיד, כי ככל אשר עשינו עד כה לגדל ולשכלל את המליץ, כן נתאמץ עוד לפארו ולתקנו, כי לתקון צריך גם המפעל היותר מתוקן. רק בדבר אחד לא יעשה בהמליץ אף שנוי כל שהוא — בשטת המליץ: בדרך אשר עמד עליו המליץ הלוך ילך רק קדימה, קדימה, אבל לא יסור ממנו ימין ושמאל, כי שבעים ושבעה דרכים לאור מתעה ורק דרך אחד לאור שמש נצח ישראל. ולמען יראה כל איש בעיניו את הדרך הזה התאמץ המליץ תמיד לברר כל דעה, בהיות המליץ תמיד לא דעת היחיד (רק דעת עורכו ומו״לו), כי אם דעת הכלל כלו, כאשר יעיד הציור

# קבוצת סופרים

**תשורה לחותמי המליץ לשנת 1900. הקבוצה הנכבדה הזאת היחידה במינה תעיד,**

מי ומי המה ראשי המדברים לעם מעל עמודי המליץ, בתמונה הזאת יראה הרואה ראשי מפלגות שונות בעמנו, גאוני העט והמחשבה, עמודי החכמה והתורה, אנשי מעשה ופעולה מוחשית, וכלם עדים המה, עד כמה יפיץ המליץ אור על כל פעולה. והיא שעמדה לרבים להיות נאמנים לדעות נכונות כל הימים גם בצרפם מעשה למחשבה, כי כבר בראשית צאתם למפעלם ידעו אותו ידיעה נכונה בדעתם את דעת חבריהם ודעת מתנגדיהם גם יחד, ולכן לא יכלו כל הרוחות המצויות ושאינן מצויות לזוז אותם ממקומם.

ולשנה הבאה הננו להכין עוד קביצה של סופרים ועל פי חפץ רבים תהיה הקבוצה השניה לא ציור לתלות על הכותל כי אם

# אלבום של תמונות

**לפאר את השלחנות. את האלבום הזה יקבלו בשנת 1901 כל חותמי המליץ לשנה תמימה חנם אין כסף.**

מחיר „המליץ״ 1) ברוסיא: לשנה 10 רו״כ; לחצי שנה 5 רו״כ; לרבע שנה 2.50 ר״כ; לחדש 85 קאפ.
2) בשאר ארצות: במשלוח שלש פעמים בשבוע, לשנה 12 רו״כ, לחצי שנה 6 רו״כ, לרבע 3 רו״כ בשטרי רוסיא, או בשטרי חו״ל לפי הערך; במשלוח בכל יום: 15 רו״כ לשנה, או שטרות חו״ל לפי הערך

---

חותמי המליץ לשנת 1901 יוכלו לקבל את התמונה **קבוצת סופרים** (קבוצה ראשונה) במחיר א׳ רובל.

**את התמונה רבת הצבעים החשמונאים עם המשלוח במחיר א׳ רובל.**

כן יקבלו את המאספים האסף, הגת, הגרן, הגן ואת הספור בית אנולר כלם יחד במחיר שני רובלים.

---

## פון איש יהודי בלעטער פון א טאגבוך

**גייען ארוים אין וויפוסקען (העפטען), יעדער וויפוסק פולע צוויי גרויסע דרוק בויגען (32 זייטען)**
**ארטיקעלען פון לעבען און נאטור, וויסענשאפט און קונסט.**

דער פרייז פון די בלעטער 50 ביכלאך—4 רובל; 25 ביכלאך—2 רובל; 12 ביכלאך—1 רובל; 1 ביכל—12 קאפ.

---

**די לעזער פון די בלעטער** בעקומען אויך נאר פאר 1 רובל **די אלעאגראפיע חשמונאים.**

די פאדפישציקעס (אבאנענטען) פון

# המליץ

**וועלען בעקומען די בלעטער** פופציג וויפוסקען **נאר פאר דריי רובל.**

אדרעס: Редакт. газ. „Гамелицъ“ Л. А. Рабиновичу, С.-Петербургъ, Торговая 17.
Redacteur des „Hameliz“ L. Rabinowitz, St. Petersburg, Torgowaja 17.

III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 7

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאַנץ-יאָהרליך —.5 רוביל.
האלב-יאָהרליך —.3 רוביל.
פירטעל-יאָהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואָך.
פערלאג: חברת „אחיאסף".

אבאנאמענטס פרייז יאָהרליך:
אָסטרייך-אונגארן —.12 קראָנען.
האַלביאָהריג —.6 „
פירטעליאָהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אַנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Ersckeint Donnerstag.

קראַקויא, שבט תרס"א. נומר 7. Krakau, 14. Feber 1901.

## די קאלאָניסטען און יַק"א.

די לעצטע צייט איז אונז אויסגעקומען צו הערען שרעקליכע ידיעות וועגען די מעשים אין פאַלעסטינא און וועגען די אָרדענונגען וועלכע מען דענקט צו מאַכען דאָרט; נאר דאָס איז אַלץ געווען קלאנגען, רמזים און ניט זעלטען, אויסגעטראַכטע נישט געשטויגענע מעשיות. אָט די אַלע גיך געבאָרענע און גיך פערלאָרענע ידיעות, האָבען גענויטהיגט אונז, אלטע חובבי ציון, אויפמערקזאָם צוצוהערען זיך צו אַלץ וואָס עס קומט פאָר, כּדי אין דער צייט ווען אונזער לאַנד געפינט זיך אין איין אומגליק, זיין געטרייער שטאַרק ארויסצוטרעטען און מיט די לעצטע אויסגעשרייען: „רעטעט דאס פאָטערלאַנד" צוזאָמענשטעלען די אַלטע מחנה און, אָדער רעטען אָדער פערלאָרען געהן. צום בעדויערען האָט זיך ארויסגעשטעלט אַז די ידיעות זענען ניט קיין „קלאַנג" אַליין, נאר אַ גאַנצע „קייט פאַקטען, וואָס זענען געגרינדעט אויף דאקומענטען, אריינגעשיקטע צו אונזערע קאלאָניסטען און אַרבייטער, אָט צו די העלדען, וואָס ראנגלען זיך שוין 18 יאָהר מיט אַלערליי צרות, ניט זעלטען מיט הונגער, מיט קריינק, מיט דעם קלימאַט און מיט זייער גאַנצען פערגאַנגענעם טרויעריגען לעבען. און זיי האָבען דאָך אויך געקענט זיין צווישען זייערע זאַטע, שטאָלצע רוהיגע ברידער; ווער וייס, אפשר וואָלטען זיי טאַקי איצט געזעסען צווישען יענע, וואָס שרייבען יעצט אונטער בעפעהלען, וועלכע פעראורזאַכען אַזוי פיעל ליידען אונזערע אונגליקליכע אויסגעליטענע אַרבייטער. נאָר ניין—זיי האָבען פערביטען דאס בוך אויפ'ן אַקטראַייזען, האַרטהערציגקייט אויף ליעבע צו זייער אַלטע היים און דערין שטעקט זייער גאַנצע שולד. זיי האָבען אין דעם פערלויף פון גאַנצע אַכטצעהן שווערע יאָהר געטהון אַלץ, וואָס מען האָט פון זיי נור געפאָדערט: זיי האָבען געאָפּפערט זייער מצב, פריהערדיגע געוואָהנהייטען, זייערע עלטערן, קרובים און פריינד; און דאס אַלץ נור אַליין אויס ליעבע צו זייער לאַנד און צו שווערער מיה. וואָסזשע האָבען זיי דערפאַר פון אונז געהאַט? צי האָבען מיר ערפילט קענען זיי אונזער פליכט, האָבען מיר זיי געגעבען מאטר עלע רוה, האָבען מיר זיי אָבגעהיט פון איבעריגע פיין? מיר, וועלכע האָבען געגעבען קאָפּיקעס און געקריטיקירט אויף הונדערטער; מיר, וועלכע האָבען אין יענער צייט פערקויפט זיי אין קנעכטשאַפט, מיר, וועלכע האָבען פערשטיקט אין זיי יעדעס געפיהל פון אונאָבהענגינקייט, געשטויסען צום ווענ פון דער שענדליכער חלוקה; מיר, וועלכע האָבען אין אונזער צייט נישט געקענט בעשטיצען זייערע רעכטע, זייער צוקונפט,—ווּעלען מיר דען אויך איצט בלייבען דיזעלבּיגע צושויער פון דעם נייען טרויערשפיעל וואָס ווערט געשפיעלט אין דער איצטיגער פאריזער-פאלעסטינא? ווּעלען מיר דען אויך איצט שווייגענדיג אַלץ פערטראגען און ווּעלען זיי זאָגען: האָרכט און פאָלגט די איינריכטונגען פון פאריז, אויב ניט וועט אייך זיין ביטער?... צי ווּעלען זיך עפענען אונזערע מיילער אויסצורייידען אַזעלכע שרעקליכע שפאטישע ווערטער...

ווּעלען מיר דען האָבען דעם מוטה צו זאָגען גלייך מיט יק"א, זייט מוחל געהט ארויס יעצט פון אונזערע קאָלאָניען, גיהט אין אַלע פיער זייטען און דאַנקט אייער וואָהלטהעטער, וואָס האָט געשפייזט אייך און אייער געזינד אַזוי פיעל יאָהר, און כדי איהר זאָל ניט וואָגען זיך צו זאָגען אַז מיר זענען האַרטע אהן-הערצערדיגע, וואָס האָבען פיינד זייערע ברידער טאָ ווייסט אונזער גוטסקייט — נאָט אייך אויף וועג הוצאות... הא, אמת, זעהר ליעב, זעהר פיין, זעהר יושר'דיג... און אין אמת'ן, קענען זיך אפשר זאָגען די פערטרעטער פון יק"א, וואָס איז דא אַזוינס ניט יושר'דיג, מיר האָבען דאָך דאס אַלץ ניט איינגעאָרדענט, מיר האָבען נור איבער-גענומען איין פאָרטיגע זאַך, אַ זאַך, וואָס האָט צום ערשטען געקענט האָבען איהרע פעהלער און דערום קענען מיר דאָך ניט זיין פעראַנטוואָרט-ליך פאַר אַלטע פעהלער, מיר פערלאַנגען פיהרען דאס געשעפט שפאַ-רעוודיג און ניט אומזיסט געלד ארויסוואַרפען; מיר זעהען דאָך דייטליך, אַז ערד קלעקט קוים אויף האַלב איינוואָהנער פון די קאָלאָניעס, דעריבער דאַרף דאס צווייטע העלפט פערלאָזען די קאָלאָניעס און אַוועקגעהן; איינריכטען די דאָזיגע קאָלאָניסטען און אויסגעבען אויף פיער מיט אַ האַלב אָדער פינף מיליאָן פראַנק האָבען מיר קיין רעכט נישט. נאר מיר ווּעלען אָבער פראַגען יק"א, צי האָט רעכט איין פערזאָן אָדער אַ געזעל-שאַפט איבערנעדמען... דיג אַ וועלכע עס איז זאַך, וואו עס איז פאַרהאַן איין לעבעדיגער קאָנטראַקט, האָטש ניט קיין אויסגעשריבענער אויף אַקט-פאַפיער מיט בעשטימטע פונקטען, צי איז פאַראַן דאָס רעכט אין גאַנצען זיך ניט צו רעכנען מיט די מענשען און זייער לעבען, וועלכע זענען געבונדען צו דער זאַך? צי האָט רעכט, זאגען מיר, די דריטע פערזאָן אָדער די געזעלשאַפט, איבערצונעהמען די אַרבייט אין איהרע הענד, ניט ערקונדיגענדיג זיך אפילו, צי פערלאַנגט די צווייטע פארטיי, בכלל צו פערבינדען זיך מיט אַ נייער אַנשטאַלט און צי שטעלט ניט אַוועק דער דאָזיגער טהייל בעזונדערע תנאים אויף וועלכע זי האָט פאָלקאָמען רעכט.

פאר וואס האט פריהער, פאר'ן איבערנעהמען די קאלאניעס, יק"א ניט מודיע געווען, אז זי נעהמט איבער ביי'ן באראן די קאלאניעס מיט דעם תנאי, אז זי וועט זיך בעגעהן אזוי און אזוי... עס קען זיין אז די קאלאניסטען האבען געהאט וועלכע עס איז פרעטענזיעס צו דער פריהערדיגער אדמיניסטראציע, און אויף דעם אופן וואלטען זיי געוויס געמעלדעט פאר דער אדמיניסטראציע זייערע בעשטימטע פארדערונגען, דעראן צווייפלען מיר ניט. אז די קאלאניסטען האבען אויך פון זייער זייט פארדערונגען און טענות צו דער אדמיניסטראציע, ווילען מיר זיך בעמיהען צו ערקלערען גרינדענדיג זיך אויף פאקטען. אמת איז, דער באראן האט פערשווענדעט גרויסע מיטלען אויף די קאלאניזאציאן, אמת איז, ווען נישט דער באראן וואלטען אלע קאלאניסטען פערלארען געגאנגען. אמת איז, דער באראן האט געהיילט, געשפייזט און אויסגעהאלטען די קאלאניסטען, אמת איז אז מען האט פאר זיי אין די קאלאניען איינגעריכטעט, און געוויס האט עס פיעל מיטלען געקאסט, אפילו אזעלכע אנשטאלטען, אהן וועלכע די קאלאניזאציאן האט זיך לייכט געקענט בעגעהן, אמת איז מען האט פאר זיי אויפגעקויפט שענע בולווארען, גאנצע רויזען־לאנקעס, פראכטפאלע שאסען, מען האט געהאלטען טהייערע, נאר זעהר וועניג געניטע גערטנערער און אדמיניסטראטארען... דאס אליץ איז אמת; — נאר פון דעסטוועגען דאס אליץ צוזאמען, נעהמט נישט אוועק ביי די קאלאניסטען איינינע רעכטע אויף צו מעלדען ניט נור זייערע פראטענזיעס, נאר אויך פארדערונגען אין איצטיגער צייט ניט צו זייער פריהערדיגען בעשיצער, נאר צו יק"א, וועלכע קוקט אויף די קאלאניסטען נישט ווי אויף א חברה מיט מענשליכע רעכטע, נאר ווי אויף שקלאפען, ביי וועלכע מען דארף גאר נישט פרעגען און מיט וועלכע עס איז ניטא וואס צו רעדען.

די אבערפלעכליכסטע בעקאנטשאפט מיט דער געשיכטע פון די קאלאניעס, וואלט דייטליך געצייגט יק"א'ן, פון וואנען עס שטאמט דער איצטיגער שלעכטער מצב: צי זענען שולדיג דעראן די קאלאניסטען, אדער אפשר דעם שולדיגען פון דעם אליץ, ברויך מען גאר צו זוכען ווייטער און טיעפער.

עס איז געווען גענוג צו נעהמען א מוסטער די קאלאניע „עקרון": די קאלאניסטען זענען געווען זעלטענע ארבייטזאמע אקערלייט, האבען זיך געפיהרט קליין, האבען געליעבט זייער ערד, זיי זענען געוואהנט מיט ערדארבייט איידער זיי זענען אין פאלעסטינא געקומען, די גערטענישען פלענען זיין גאר נישט שלעכט; אמת ערד איז געוועזען וועניג, נאר אין יענער צייט איז איהר געווען א סך גרינגער צו קריגען אין שכנות ווי יעצט. ביי א רעכטער הנהגה האט מען געקענט פון עקרון מאכען א גלענצענדע קאלאניע; מען האט געקענט אין די קאלאניסטען ערציהען דאס געפיהל פון פרייהייט, ליעבע צום לאנד און צו פאלקס אינטערעסען; דאס יונגע געשלעכט האט געקענט ערצויגען ווערען אין נאציאנאלען גייסט און מיר וואלטען מיט דער צייט האבען געזונדע קערנערזריעה פיר די צוקונפט; — ניין אבער: עס איז געווען א „מוז" פערוואנדלען זיי אין קנעכט און בעדינער פון דער ארמיניסטראציאן, מען האט דאך זיי געדארפט געבען צו פערשטעהן, אז די אדמיניסטראציאן איז פאר זיי אליץ, זי האט רעכט צו שטראפען און צו לייטזעליגען, אז זי איז שטארק, מעכטיג, אז איהר איין ווארט ברענגט לעבען אדער טויט; מען האט דאך זיי געדארפט אויסלערנען אויסצושטרעקען די האנד מיט א נעביכדיגער מינע. עס איז דאך נייטהיג געווען ערשלאגען אין זיי יעדעס עהרענגעפיהל, פערדארבען זייער גאנצעס לעבען, טויטען אין זיי דעם ווילען, אויסלערנען זיי לויפען נאך דער „תמיכה" און זעהן, ערקענען און פיהלען, — פיהלען אימער, מיט זעלענפיעבער אז די אדמיניסטראציאן — דאס איז די זון וואס ווארעמט זיי מיט איהרע שטראהלען, אז זי גיט זיי ליכט און

# פעלעטאן.

## דער הונגער אין אינדיען.

פון פיער לאטי.

(ענדע).

די צאהל פון די אנקומענדע הונגעריגע שטארקט זיך מיט יעדער שעה. עס דאכט זיך עפּיס, ווי א אונגעהויער לאנגע לויה זאל זיך ציהען פון דארף צו דער שטאדט. די וועגען זענען בעצייבענט מיט די קערפער פון מענשען, וואס האבען נישט אויסגעהאלטען ביז דער שטאדט און זענען געפאלען טויט אויף זייער וועג.

און אט, פאר א הענדלער, וואס האלט אין מיטען עסען די פרישגעבאקענע קיכליך, בלייבט שטעהן א ארימע פרוי, א שאטען פון א פרוי, צו דער איינגעפאלענער ברוסט טוליעט זי א פיצעלע קינד, אדער, ריכטיגער זיך אויסצודריקען, א שקעלעט פון א קינד. ניין, דער הענדלער וועט איהר גאר נישט געבען, ער וויל זי אפילו נישט בעמערקען, און די אומגליקליכע מוטער מיט דעם אויסגעדארטען געזיכט, וואס דאס קינד איהר'ס וועט אין א מינוט ארום שטארבען, ווערט פלוצלינג ווי פערטומעלט, לאזט ארויס פון זיך איין אויסגעצויגען ווילד געשריי, ווי א לעווין. זי זעהט יונג אוים, געוויס איז זי שען געווען; דאס פערחשכ'טע געזיכט האט נאך אין זיך די צייכען פון דער יוגענד; זי קען אלט זיין א יאהר 16 ... אם ענדע פערשטעהט זי שוין, אז קיינער וועט זיך דא אויף איהר גישט דערבארעמען, אז זי איז פערמשפט צו'ם טויט, און לאזט נאך אמאל ארוים פון זיך דאסזעלבע ווילדע געשריי; זי שרייט, ווייל זי מוז שרייען ווי א חיה ביי דער גסיסה — און די גרויסע קעניגליכע העלפאנטען געהען דורך מיט רוהיגע, זיכערע טריט, די העלפאנטען, וואס פערצעהרען די שפייז, וואס איז געקויפט זעהר טהייער אין ווייטע לענדער.

און איבער דעם גערויש פונ'ם פאלק אין די גאסען, צולעגט זיך אין דער הויך דאס געשריי פון די ראבען, וואס רוישען דא ארום פולקעסווייז אויף די דעכער און אין דער לופט, זייער שטענדיגע געקוויטשעריי, וואס הערט זיך אין אינדיען שטארקער ווי אלע אנדערע לעבענס־שטימען, ווערט איצט נאך שטארקער און פערהילכט די לופט. די הונגער־צייטען, די צייטען, וואס צוטראגען אין אלע זייטען ארום א ריח פון טויטע קערפער, דאס זענען גוטע פרנסה־צייטען פאר ראבען און פערשידענע רויבפויגעל.

און אט איז שוין אנגעקומען די בעשטימטע שטונדע, ווען מען ווארפט עסען די קעניגליכע קראקאדילען, וואס ווערען אויפגעהאלטען אין דער טיעף פון די פערצוימטע גערטנער, די קעניגליכע פאלאטצען — דאס איז א גאנצע וועלט! איין גרויסע צאהל געביידען פאר פערד און העלפאנטען. אום צו דערגעהן ביז צו דעם קינסטליכען טייך, וואו די קראקאדילען שווימען ארום ברויך מען דורכצוגעהן דורך פיעל טהויערען מיט אייזערנע טיהרען, דורך אונגעהויער גרויסע הייפען, וואס זענען בעדעקט מיט פערשיעדענע געביידען — עס פערשטעהט זיך, געפארבט ראזע מיט ווייסע בלומליך. אומעטום איז פול מענשען, און א נערודער איז א גרויס: היינט צאהלט מען אוים די זעלנער זייער געהאלט, און די זעלנער, עטוואס פערווילדעטע, יאר רייך געקליידעטע שטעהען און ווארטען, דאס געהאלט צאהלט מען זיי אוים מיט אלטע, שווערע, קיילעכיגע זילבערנע מטבעות, אדער פיער עקענדיגע פון בראנז.

אין דעם מארמארענען זאל, וואס איז אויסגעפוצט מיט שענע געקונסטעלטע ויילען, ארבייטען איצט צוועלף מענשען אויסצוציערען מיט סאמעט דאס געשטעל, וואס זאל זיין איין ארט פאר איינעם פון דעם קעניג'ס געליעבסטע העלפאנטען.

לעבען און אז זי קען אין יעדער צייט פינסטער ווערען פיר זיי, פערבייטען דעם רחמים אויף צארען און פערקעהרט. און זיי האבען עס ערדייכט... אין א שענעם פריהמארגען האט מען געמעלדעט די קאלאניסטען, אז אויך זיי וועלען אנשטאט פעלדארבייט אנפאנגען זיך צו פערנעהמען מיט פלאנצען בוימער. פיעל פון די קאלאניסטען האבען געוויינט, האבען זיך געבעטען מען זאל ניט נעהמען זייער ערד און מען זאל זיי לאזען זיין אקערלייט, לאנג האבען זיי זיך געראנגעלט און האבען ניט מסכים געווען, נאר די אדמיניסטראציאן איז געווען הארטנעקיג; לסוף האבען זיי נישט געקענט פערליידען און האבען געמאכט א פארמאלען בונט; די לאגע איז געווארען שרעקליך, די קאלאניסטען האבען בעגעגענט מיט פלעקער דעם, וועלכער האט געוואלט אבגרענעצען זייער ערד אויף בוימער...

איך קען ברייננען פיעל אזוינע פאקטען, וואס בעווייזען אז שולדיג אין די אלע אומגליקען זענען ניט די קאלאניסטען, ניט דאס לאנד, נאר די שלעכטע אדמיניסטראציאן. די קאלאניסטען, וואס האבען אזוי פיעל יאהר געארבעט און אזוי פיעל געאפפערט, האבען וועניג געשאפען נור א דאנק דער שלעכטער אדמיניסטראציאן, דערום האבען זיי פאלקאם רעכט צו פארדערן פון יק"א א גרעסערע אויפמערקזאמקייט צו זייערע אינטערעסען. דערמיט מיינען מיר אבער בשום אופן ניט צו זאגען דער געעהרטער חברה, אז יק"א זאל אויך אויפ'ן ווינד ארויסווארפען עטליכע מיליאן פראנק, ווי דער באראן האט עס געטהון; נאר אלע געלטער וואס מען האט ארויסגעגעבען די קאלאניסטען ברויכען האבען א כאראקטער פון א הלואה אויף א ערד־פערזיכרונג, און אז די בעדינגונגען פון דעם אויסצאהלען די הלואה דארפען זיין בערעכענט און שטרענג אויסגעפילט. דער הוב דארף זיין אויף ראטען אויף א בעשטימטע צאהל יאהר, מיט חאטש נאר א קליינעם פראצענט, און אום צו בעשטימען א צייט ווען אנהויבען צו צאהלען דעם הוב דארף מען נעמען אים אכט דעם כאראקטער פון דער ווירטשאפט און די יעהרליכע הכנסה. די קאלאניסטען קען צום ביישפיעל פארגעלענט זיין איין הלואה אויף 60 יאהר, און דאס אויסצאהלען זאל זיך אנהויבען אין 10 יאהר ארום נאך דעם ווי די הלואה איז געמאכט, דאן וואלט יעדען קאלאניסט אויסגעקומען איינצאהלען דער חברה ניט מעהר פון 360 פראנק יעהרליך, וואס דאס וואלט ניט שווער געווען, ווען די הלואה זאל אפילו זיין אויף 16 טויזענד פראנק פון יעדער קאלאניסט. איך בין פעסט איבערצייגט, אז ביי אזעלכע בעדינגונגען, וועלען די קאלאניסטען, וואס זענען גענוג געדולדיג און געניט, קענען פראקטפאל זיך איינריכטען און אויסצאהלען דעם גאנצען חוב יק"א, נאך פריהער פאר דער בעשטימטער צייט.

יא, די קאלאניסטען זענען ניט שולדיג אין זייער איצטיגער לאגע, מיר ווייסען גאנץ גוט ווי זיי זענען איבערגעגעבען געווען דער ארבייט און ווי זיי האבען אומעטום טריי און עהרליך ערפילט זייערע פליכטען. יא, זיי האבען ערפילט קעגען אונז זייערע פליכטען, נאר מיר... מיר האבען זיך געצייגט קעגען זיי גענצליך באנקראט... נאר וואס־זשע איז איצט? וואס זענען מיר מחויב צו טהון פאר זיי? צי וועלען מיר יעצט בלייבען רוהיג, שטום און טויב צו זייערע צרות? ניט שוין־זשע וועט אונזער ווארימעס הארץ, אונזער געוויסען שווייגען? ניט שוין דען וועלען מיר זיין אזוי קליין־מוטהיג, אזוי שוואך, אז מיר וועלען נור בלייבען דערביי ווי שטומע עדות?... מיר פערשטעהען דאך גאנץ גוט אז דאס איז איין ערנסטער אקט פון די היינטיגע היסטארישע שטרעמונגען, און אויב מיר וועלען עס דורכלאזען, וועלען מיר זיין פעראנטווארטליך פאר אונזער קומענדען דור, די געשיכטע וועט אונז שטעמפלען מיט שאנד און זי וועט זיין גערעכט. ניט שוין-זשע

---

די גערטנער, וואס ווערען עטליכע מאל אין טאג געשפריצט מיט וואסער, זעהען נאך עפים גרינליך אויס, און מאכען צווישען דער פערברענטער געגענד איין איינדרוק, ווי א בעוואקסען ארט אין א וויסטעניש. זיי פערשפרייטען זיך ווייט אין דער לענג און אין דער ברייט, און טראגען אויף זיך עפים א וואונדערליכע טרויער. ארומגעצוימט זענען זיי מיט ציינינע מויערן, 50 איילינע אין דער הויך. די אלטמארישע, גלייכע אלייען זענען אויסגעפלאסטערט מיט מארמאר: אין אלע זייטען זענען פערשפרייט קיפריסען, פאלמען, מאסען ראזען און קליינע פאמעראנצען־בוימער — און דאס אלץ צוזאמען דערפילט די לופט מיט א געמישטען אנגענעהמען ריח. אין שאטען געפינען זיך אין אלע זייטען פערשיעדענע אלטאנען, געביידען פאר טענצערינען, מארמארענע וואנען, וואו די פרינצעסינען באדען זיך. און איבער דעם נארטען שפאצירען פאוען, מאלפען; אונטער די פאמעראנצען־בוימער ליגען די שאקאלען, ארויסווייזענדיג די שארפע צייהן.

אם ענדע קומט מען שוין אן צו א גרויסען טייך, וואס איז ארומגערינגעלט, ווי די גערטנער, מיט א הויכע מויער. אין די צוויי לעצטע יאהרען האט דער טייך אויף האלב אויסגעטרוקענט.

אינ'ם גראז ביי'ם ברעג דרעמלען אונגעהויער גרויסע, הונדערטיעהריגע קראקאדילען, וואס זעהען אויס דא, ביי'ם ברעג, עפים ווי ווילדע גרויסע פעלזען, און אט נעהט צו איין אלטער גראער מאן, בלייבט שטעהן אויף די טרעפ, וואס לאזען זיך אראב אין וואסער אריין, און הויבט אן צו זינגען. ער זינגט מיט א ריינער שטימע, און מאכט מיט די הענד, רופענדיג, און די קראקאדילען שטעהען אויף פון דרימעל און בעווייזען זיך. רירענדיג זיך פאמעליך און פויל אין דער ערשטער מינוט, דערשרעקען זיי אבער באלד דערנאך מיט זייער גיכקייט און שיקליכקייט. זיי שווימען יעצט גיך, זיי בעגלייטען די שילדקרויטען, וואס האבען אויך דערהערט דאס זינגען און ווילען אויך עסען. זיי בלייבען שטעהן אין א האלבען ראד ביי די טרעפ וואו ס'ווארט אויף זיי דער אלטער מיט צוויי דיענער, וואס האלטען גרייט קוילען פלייש. עס עפענען זיך די בלאע פיסקער, און עס שיטען זיך אריין גאנצע פערטעל ציגען, שטיקער באראנען, לינגען, געדערם, און דאס אלץ ווערט אין דער מינוט פערשוואונדען.

נור אין די גאסען רופט קיינער נישט, ווינגענדיג, אז די הונגערינע זאלען קומען עסען. דארט שלעפען זיך ארום די מאסען, ציהען אוים די הענד, ווייזען אן אויף זייערע איינגעפאלענע בייכער, ווען קוים נור דאכט זיך זיי אז עמיץ קוקט אויף זיי. און די, וואס האבען שוין די לעצטע האפנונג פערלארען, וואלגערען זיך ערגיץ און ווערען צוטרעטען אונטער פערדען־פים...

נאר אט אויף דעם ארט, וואו ס'שניידען זיך דורך צוויי פון די שענסטע אויסגעפוצטע גאסען צווישען דעם געטומעל פון סוחרים, רייטער און פרויען מיט גאזע־שלייער און גאלדענע בראסלעטען — האט עפים איין אויסלענדער אבגעשטעלט זיין קארעטע. ער שטעלט זיך אנידער פאר דער אויסגעדארטער הונגעריגער מאסע און טהיילט געלד אין די אויסגעשטרעקטע ביינינע הענד אריין.

און פלוצלינג, דאכט זיך דיר עפים, ווי א גאנץ פאלק וואלט אויפגעשטאנען תְּחִיַּת הַמֵּתִים. פון די טיכער, וואס בעדעקען די געזיכטער, ווייזען זיך קעפ ארוים, עס עפענען זיך אויגען — מתים שטעהען אויף! „וואס איז דאס? מען טהיילט נדבות?! געפינט זיך עמיץ, וואס גיט געלד! געלד! און מען וועט עסען קויפען!..“ עס ערוואכען מענשען נאך מענשען, דאס גערודעריי שטארקט זיך, און די מאסע שטופט זיך צוזאמען און שלעפט זיך פארוים. איין עכטער מארש פון טויטע! פון אונטער די אויסגעביסענע באקען קוקען ארוים די צייהן, די לעפליך, צוביסענע פון פליעגען, הענגען עפים אזוי משונה'דיג אויף די אויגען, די ברוסטען הענגען אראב, ווי פוסטע זעק, די ביינער רייבען זיך איינער אן דעם אנדערען, ווי שטיקער טרוקען האלץ. עס געדויערט נישט קיין מינוט, און די גאנצע מורא'דיגע מאסע האט

וועט ביי אונז ניט זיין קיין קראַפט הויך אויסצושרייען, אַז אונזער שטים זאָל גרייכען אַפילו קיין פּאַריז: העלפט אונזערע אָרימע קאָלאָניסטען, איהר קענט זיי העלפען, איהר ענט מחויב זיי צו העלפען! מיליאָנען יודען, איבער דער גאַנצער וועלט, רופען צו אייך, פאַרשטעהער פון הירש׳ס מיליאָנען; מיליאָנען יודישע הערצער שלאָגען איצטער מעכטיג ליידענדיג פאַר דער אומגליקליכער און טרויעריגער לאַגע פון די קאָלאָניסטען אין דעם הייליגען לאַנד. מיליאָנען יודישע אויגען קוקען אויס אויף אייך מיט זאָרג, האָפענדיג, אַז איהר וועט זיך בעדענקען און וועט פערשטעהן וואָס פאַר איין גרויסע מאָראַלישע פעראַנטוואָרטליכקייט ליגט אויף אייך פאַר דער קומענדער קאָלאָנאָזאַציאָן, וואָס געפינט זיך אצינד אין גאַנצען אין אייערע הענד. די גאַנצע יודישע וועלט, די אַלע יענע אין וועלכע עס איז נאָך פאַרהאַן איין טראָפּען ליעבע, טריישאַפט און גלויבען אין דעם צוקונפט פון דעם יודישען פאָלק, וואַרטען יעצט מיט אַ קלאַפּענדיגען האַרצען אייער בעשלוס איבער דער פראַגע. ניט שוין־זשע וועט ביי אייך ניט ציטערן די האַנד אונטערשרייבענדיג דעם טויטליכען אורטהייל פאַר יענע, וועלכע זענען וועניגער פון אַלעמען שולדיג, פאַר יענע, קענען וועלכע איהר זענט בעגאַנגען די גרעסטע זינד און אומגערעכטיגקייט!

וולאַדימיר טיאַמקין.

---

# די אנפאנגס־שולען (דַרְדְקֵי חֲדָרִים)

## אין די צייטען פון תלמוד.

(ענדע)

עס וואָלט גאָר ניט געשאַדט, אַז אונזערע היינטיגע מְלַמְדִים זאָלען אויך פערשטעהן די גרויסע אַחֲרָיוּת וואָס עס ליגט אויף זיי, ווי די תַּלְמוּדִיסטען האָבען דאָס אין זייערע צייטען פערשטאַנען. ניט זעלטען איז ביי אונז היינט צו זעהען מְלַמְדִים, וואָס חוץ די מְלַמְדוּת האָבען זיי נאָך אַנדערע פַּרְנָסוֹת אָן דער זייט, פיהרען צונויף אַ וואַנד מיט אַ וואַנד, ד. ה. זיי זענען שַׁדְכָנִים, זענען גוֹבִים פון פערשיעדענע חֲבֵרוֹת, שַׁמָשִׁים אין קליינע בָּתֵּי־מדרשים׳ליך און דערגלייכען, האַנדלען אונטער מיט שמעק־טאַבאַק, מיט רְצוּעוֹת צו תְּפִלִין, מיט אַרְבַּע־כַּנְפוֹת׳ן און פערנעהמען זיך מיט נאָך אַזעלכע הייליגע עֲסָקִים, וואָס אַלע מוזען ביי זיי צונעהמען פיעל צייט, וועלכע מען רייסט אָב פון לערנען. ווער עס האָט אַמאָל געהאַט די געלעגענהייט אַריינצוגעהן אין אונזערע אַ חֵדֶר אין דער ווייַלע, וואָס דער מְלַמֵד איז ניטאָ און די קינדער בלייבען זיצען אַליין, יענער קען ערשט פערשטעהען, ווי ווייט די בַּעֲלֵי־הַגְמָרָא זענען גערעכט געוועזען פעדזאָגענדיג מיט אַזעלכע שטרענגע דִבּוּרִים אַז די מלמדים זאָלען אין דער לערנצייט ניט אָבטרעטען פון די תלמידים.

ד.

דאָס אַלעס וואָס מיר האָבען דאָ ביז אָהער אָבגערעדט, ברייגנט אונז צו דער איבערצייגונג, אַז אונזערע היינטיגע חדרים שטעהען זעהר ווייט פון דעם אידעאַל, וואָס די תַּלמוּדיסטען האָבען אויפגעשטעלט אין זייערע צייטען. דעמאָלט האָט זיך קָהָל אַליין שטאַרק אינטערעסירט מיט דעם מַצָב פון די חדרים, און ביי אונז ווי אַ טאַטע גיט נור איינמאָל אָב זיין יונגיל אין חדר, הויבט ער זיך שוין דערנאָך גאָר מעהר ניט אָן צו קימערן וועגען איהם. זיי האָבען זיך פערהאַלטען צו דעם מלמד מיט גרויס כּבוד, מיט חֲשִׁיבוּת, און דעריבער האָבען זיי געהאַט דאָס רעכט צו פאָדערן פון איהם, ער זאָל זיין פעהיג צו זיין אַרבייט און איהר איבערגעגעבען מיט חֵשֶׁק, און ביי אונז קען יעדער מאַרקמענש ווערען אין אַ שענעם פריה־מאָרגען אַ מלמד, חאָטש אָהן אַ שום פאָרבערייטונג, אָהן אַ ברעקיל קענטנים, און נור מיט דעם איינציגען זכות, וואָס צו קיין אַנדער זאַך טויג ער ניט. אין די אַמאָליגע חדרים

---

שוין אַרומגערינגעלט דעם אויסלענדער, דריקט זיך צו צו איהם, די לאַנגע, אויסגעדאַרטע הענד רייסען איהם פון אַלע זייטען, ווילען דאָס געלד אַרויסרייסען, — נאָר די אויגען, די אָרימע אויגען נעביך, דאַכט זיך, בעטען אום פערצייהונג; עס דאַכט זיך, זיי בעטען און דאַנקען צוזאַמען.

און זיי געהען שטיל אַוועק, פון ענגשאַפט אָבער האָט זיך איינער פערציעפּעט אין אַנדערען, און ביידע סקלעטען פאַלען אַנידער אויף דער ערד, נור שטיל, אָהן געשריי נישט פּרובענדיג אפילו אָבצוהאַלטען זיך אויפ׳ן אָרט. איבער די צוויי פאַלען נאָך אַנדערע, עס וואַרפען זיך סקעלעטען איבער סקעלעטען, און קייקלען זיך אַראָב פון דער קופּה אין שטויב אַריין, ווערען פערשוואַכט און קענען זיך שוין מעהר נישט אויפהויבען פון אָרט.

עס הערט זיך פון דערווייטען מוזיק שפּיעלען, אַ מאַסע מענשען ועהט מען אָנקומען. דאָס געהט איצט דורך די גאַסען די רעליגיעזע פּראָצעסיאָן, וואָס זאָגט אָן אויף מאָרגען אַ גרויסען יום־טוב אין אַלע טעמפּלען בראַהמאַ׳ס.

איינער פון די פאָר־שטופּעטען האַפּט עפּיס איין אַלטע הונגעריגע פרוי, וואָס איז געפאַלען פערשוואַכט אויף דער ערד און ליגט אויפ׳ן אָרט, וואו ס׳איז איצט פערבאָטען צו געהן, ער הויבט זי אויף און שליידערט זי אַהין, אויפ׳ן טראָטואַר, און די אַלטע קויקעלט זיך און קרעכצט.

און אָט איז די פּראָצעסיאָן אַליין! פאָראויס געהט אַ שוואַרצער העלפאַנט, בעהאָנגען מיט גאָלד פון די פיס ביז צו דעם ריסל, דערנאָך געהט די מוזיק — מען שפּיעלט עפּיס אַ טרויריגע מינאָר־אַריע.

דערנאָך געהען אין איין צייל פיער גראָע העלפאַנטען, אויף זיי זיצען יונגע לייט, וואָס זענען פערשטעלט פאַר געטער. די יונגע לייט זענען בעטהאָנגען מיט פּעריל און בעוואַרפען דאָס פאָלק מיט אַ קאָליערטען שמעקענדיגען שטויב. דער זעלבער שטויב, זעהט אויס, פאַלט אויך אויף די העלפאַנטען. וואָס פערענדערען וואונדערליך פון מינוט צו מינוט זייער פאַרב, עס טוישען זיך קאָליערען: פיאָלעט, גרין, געעל, רויט. די רייטער שמייכלען, בעוואַרפענדיג אַלץ אַרום זיך מיט פולע הויפען שטויב. און אַלץ אַרום ערשיינט יעדע מינוט אין איין אַנדער פאַרב, אפילו אויף די נוסס׳דיגע קינדער, וואָס ליעגען אויסגעצויגען אויף דער ערד, אויף די קרבנות פון הונגער פאַלט דער שטויב, זיי פּרובען אפילו אָבצווישען פון געזיכט דעם שטויב, נאָר צו פאַמעליך בעוועגען זיך די פערשוואַכטע הענד, און דער שטויב פערשיט זיי די אויגען.

דער טאָג ענדיגט זיך ראַפּטום. די ווייס־ראָזע גאַזע אויף די הייזער ווערט בלייכער. דער הימעל איז גראָה, עס בעדעקען איהם וואָלקען־שטויב, און די זילבערנע לְבָנָה זעהט אויס אויף איהם טויט־בלייך. גאַנצע מחנות פערשיעדענע פייגעל לעגען זיך שלאָפען; די טויבען און די קרוקען פליהען זיך צוזאַמען אין אונגעהויערע מאַסען, זעטצען זיך אויס אויף די אונטערמויערען אין לאַנגע גראָע שורות. נור די אָדלער און די קאַרשונעס שלאָפען נאָך נישט, זיי הוליען נאָך אַרום אין דער לופט. די מאַלפּען, וואָס האַלטען זיך אויף די דעכער, זענען איצט זעהר לוסטיג, לויפען אַרום פריילין איבער די עקען פון די דעכער, שפּרינגען און מאַכען פערשיעדענע קונצען.

מענשען ווערט וואָס אַמאָל וועניגער אין די ברייטע גאַסען: די שטעדט אין די מאָרגען־לענדער ווייסען נישט פון אַ נאַכטיגען לעבען, ווי ביי אונז אין אייראָפּאַ.

אין עק גאַס זיצט אַ טיגרין, וואָס ווערט געלערנט און געצוויגען. מען ברויך זי באַלד פיהרען צוריק אין קעניגליכען פּאַלאַטץ אַריין, זי רוהט איצט צווישען די דיענער, און מען האַלט זי פאַר׳ן ווידעל. זי איז זאַט און, קענטיג, צופרידען. מיט עפּיס פערוואונדערטע אויגען קוקט זי אויף די פיעל הונגעריגע קינדער, וואָס זיצען אויף צוויי טריט פון איהר און אָטהעמען שווער.

אַיילענדיג, נעהמען די סוחרים צוזאַמען זייער סחורה: גלאַנצענדיג געשיער, טעלער, לעפעל א. ד. ג. ווערט אַריינגעלעגט אין קערב. זיי געהען אַיילענדיג אַהיים און אויפ׳ן וועג בעגעגנען זיי גאַנצע מאַסען סקלעטען, וואָס

זענען די תלמידים איינגעטהיילט געוואָרען אין כּתּות נאָך זייערע יאָהרען נאָך דער מַדרֵגָה פון זייערע יְדִיעוֹת, און אַלץ איז געווען געלערנט נאָך אַ געוויסער אָרדנונג, נאָך אַ בעשטימטען פּלאַן, און אין דאָס רוֹב פון אונזערע היינטיגע חדרים ווערט אַלץ געלערנט אָהן אַ שִׁיטָה, אָהן אַ מעטאָדע. דעריבער איז דאָס גאַנצע לערנען נור ווי שטייסען וואַסער אין אַ סטופּע, מען שפּארט אָן אין דעם יונגילס יונג מְחַ׳ל אַלערליי מִינֵי לעהראַכצען, פון וועלכע עס שטעלט זיך ביי איהם קיין רעכטע זאַך ניט אָב, פון וועלכע עס בלייבט ביי איהם ניט קיין איינציגער ריכטיגער, און קלאָרער בעגריף. ביי אונז ווערט נעגלויבט, אַז וואָס מעהר מען וועט דעם יונגיל אַריינשטופּען אין קאָפּ, וועט ער אַלץ מעהרער ווּיסען, מעהרער קענען, און עס ווערט ניט נעדאַנ׳ט אַריינצובלאָזען אַ לעבענס־גייסט אין דעם טוידטען הויפען פון די לִמוּדִים וואָס ווערען געלערנט, עס ווערט ניט נעקימערט, אַז דער חוּמש מיט די רַשִׁ״י מיט דעם דִקדוּק און מיט דער געשיכטע זאָלען ניט ווערען אין דעם תלמיד׳ס מח צו אַמין ווילדען מישעניש, וואָס פערדולט איהם נור, פערדרעהט איהם און מאַכט ניט רייכער זיין וויסען אפילו אויף איין האָר, עס ווערט ניט געזאָרגט ווי עס בעדאַרף צו זיין צו פערבינדען די אַלע פערשיעדענע ידיעות דורך אַ פּלאַן און אָרדנונג. איינער אַ יודישער שרייבער ארומרעדענדיג די אונאָרדנונג, וואָס עס געפינט זיך אין דעם לערנען פון אונזערע היינטיגע מלמדים, וועלכע זענען נעוואוהנט אַנצושטאָפּען זייערע תלמידים מיט אַלע מיני חכמות און אַלץ אויף אַ ווילדען אופן,—ניט צו פערשטעהען די ניט־ריכטינקייט פון דער זאַך מיט די דאָזיגע ווערטער: קען מען נעהמען, פרעגט ער, אַ הויפען בוי־מעטעריאַל, ווי לְמָשָׁל, ברעטער, באַלקענס, ציגעל, לעהם און דערגלייכען, און זאָגען אויף דעם אַז דאָס איז אַ בנין? קען מען נעהמען פערשיעדענע פארבען, לייווענט, ליכט און שאָטען, און רעכענען דאָס פאַר אַ קינסטלערישעם בילד? קען מען דען אַלערליי קלאַנגען, וועלכע זענען איטליכער בעזונדער געהערט געוואָרען אין פערשיעדענע ערטער, אָנרופען מיט דעם נאָמען מוזיק? אַזוי קען מען אויך אַזאַ סארט לערנען ניט האַלטען פאַר ניצליך, פאַר אַ לעבעדיגע זאַך, דאָס אַלץ איז — אַ קערפּער אָהן אַ נשמה. מען דאַרף אַריינבלאָזען לעבען אין דאָס לערנען, מען דאַרף אין איהם אַריינלעגען דעם נֶפֶשׁ, מען דאַרף זיך צו דעם איבערגעבען מיט ליעבע, מיט הִתְלַהֲבוּת, דעמאָלט קען דאָס ערשט בריינגען די ערווינשטע פרוכט. אַ, גרויס איז די אויפגאַבע פון אַ מלמד, און עס איז ניט גרינג זי צו ערפילען, אַ חדר — דאָס איז אַ גאַנצע וועלט פאַר דעם מלמד, וואָס ערפילט זיין ארבייט מיט ליעבע, און ניט ווי אַ פּשוטער בַּעַל־מְלָאכָה אויס נייטה. דער הדר בעשאַפט דעם מענשען, ער פאָרמירט און מייסטערט אוים זיין גייסטיגע וועלט. פון דער ערציהונג וואָס דאָס קינד קריגט אין חדר הייננט אָב זיין שפּעטערדיגעס לעבען. אין הדר דאַרף זיך שוין אָנהויבען צו בילדען דער ריכטיגער נאַציאָנאַל־יודישער טיפּ און אַרויסגעהענדיג פון איהם דאַרף שוין דער יונגיל וויסען ווער און וואָס ער איז פון אַמאָל און וואָס ער דאַרף זיין אויף ווייטער...

און כּדי אונזערע היינטיגע חדרים זאָלען דערגרייכען די מַדרֵגָה, אויף וועלכער זיי זענען געשטאַנען אין דער צייט פון אונזערע תלמודיסטען, מוזען זיי אין גאַנצען אומגעאַרבייטעט ווערען נאָך די אַמאָליגע יודישע אידעאַלען און נאָך די פאָדערונגען פון דער איצינער צייט. די נייע פערבעסערונגען דאַרפען זיך אָנהויבען פון מלמד; מען מוז זעהען לְבַתְּחִלָּה אויסבילדען מלמדים מיט די נייטהיגע וויסענשאַפטליכע און פעדאַגאָגישע קענטניסען, און נאַכהער זאָל מען בעפעסטיגען זייער מצב, פערזיכערן זיי מיט הַיוּנה, זיי זאָלען ניט דאַרפען אונטערהאַנדלען מיט אַנדערע פרנסות. פון דעם וועט אַרויסקומען, אַז די מלמדות וועט אָנהויבען צוציהען צו זיך פעהיגע, יונגע מענשען, וועלכע ווּעלען זיך איהר

---

ביי טאָג אין דעם גרויסען געטומעל האָבען זיי זיך נישט אַזוי געוואָרפען אין די אויגען, און יעצט, יעצט טאַקי בלייבען זיי אַליין, און די נאַם נעהערט אויף אַ גאַנצע נאַכט זיי, נור זיי.

און נייע מאַסען הונגעריגע בעווייזען זיך פון אַלע זייטען, וואָס מעהר די נאַכט פאַלט צו — מעהר ווי הונגעריגע איז אַרום ניט צו זעהען.

און אונטער די מויערען פון דער שטאָדט, דאָרט, וואו עס געפינען זיך די אויסגעשטאָרבענע דערפער, הויבען די בוימער איצט אָן צו לעבען אין דער פינסטערניש עפּים אַ וואונדערליך לעבען. עס פליהען זיך אויף זיי צוזאַמען די אָדלער, די קאַרשונעס און די שענע פאַוועז, מיט דער נאַכט קלינגען זייערע שטימען אָן אַלץ שטילער און שטילער, שפּעטער אין דער נאַכט לאָזען זיך הערען די פאַוועז, אויף וועלכע עס ענטפערען די שאַקאַלען מיט עפּים אַ טרויריגען טויט־שרעקליכען וואָ־יען.

ניין אַזיינער: דאָס הייסט זעהר שפּעם דאָ, אין דער שטאָדט, וואו דאָס לעבען פערשטילט מיט די ערשטע נאַכט־שאָטען. דאָס אויג בעמערקט אין דערווייטען עפּים ווי אַ נעפעל; נאָר דאָס איז דער שטויב, דער בעקאַנטער שטויב, ווייטער איז אַלץ אונבעוועגליך און טרוקען. אויף דער בלייכער ערד פאַלט דער לבנה׳ס ווייסע ליכט, און צוגיסט זיך איבער די אַבגעשטאָרבענע בוימער. עפּים דאַכט זיך, ווי אַ דינער שניי וואָלט אַנגעפאַלען, די נאַכט איז דערצו קאַלט. אַך, קאַלט וועט זיין די אָרימע, שוואַכע בעשעפעניש, וואָס וואַלגערען זיך אַרום נאַקיט אויף דער ערד! קאַלט, זעהר׳ קאַלט!

שטיל! נור פון דערווייטען טראָגען זיך נאָך אַהער טענער פון אַ מוזיק וואָס שפּיעלט נאָך אין אַ בראַהמאַנישען טעמפּעל, און ווייטער הערט זיך קיין שאָרך נישט, אויף די טרעפּען פון דעם טעמפּעל, ביי וועלכע עס שטעהען ווי אויף דער וואַכט שטיינערנע העלפאַנטען, געהען אַרויף אָדער אַראָב די לעצטע בעזוכער, אין גאַנצען בעקליידעט ווייס, ווייטער איז נאָר נישט צו זעהען אַרום. די לאַנגע גאַסען ליעגען אויסגעצויגען וויסט און פוסט און זעהען אוים נאָך גרעסער און ברייטער אָהן דורכגעהער און אָהן פּראַצעסיאָנען. עס דאַכט זיך, אַז מיט דער נאַכט איז די צאָהל הייזער און פּאַלאַצען געדאָפּעלט געוואָרען.

נור ביי דעם אָבגעלעגטען מעהל, וואָס ווערט געהיטען פון וועכטער בעוואָפענט מיט שטעקען, ליעגען נעדיכטע מאַסען צוטרעטענע שוואַרצע טויטע קערפּער. איצט דערזעהט מען אויך אין די גאַסען די קליינע אַלטאַנען, וואו עס שטעהען די בראַהמאַנישע אָבגעטער. דאָ געפינט זיך דער שרעקליכער ג אַ נ ע ה ס י אין געשטאַלט פון אַ העלפאַנט־ריסל; דאָ שטעהט ס ה י ר אַ, דער פּרינץ פון טויט, יעדער נאָט טראָגט אַ קראַנץ, און ווערט בעלויכטען אַ גאַנצע נאַכט ביז צו׳ם העלען מאָרגען.

און שטיל ליעגען אויסגעשפּרייט די פערהלש׳טע מאַסען, וואָס בילדען שוואַרצע פלעקען אויפ׳ן גראָ־ראָזיגען פאַהן פון דער שטאָדט, זיי שווייגען, און עס דאַכט זיך, זיי שפּעטען אינערליך פון ווערטער, פון רעדען, טהיילמאָל נור דערהערט זיך אַ הוסטען, אַ קרעכץ, טהיילמאָל דערהויבט זיך אַ ביין, אַ פיס, צי אַ האַנד צי איין אָרעם — ווער קען דערקענען?

וואָס געהט עס אָהן זיי, די מאַסען אויף דער ערד, דאָס גערויש ביי טאָג און די שטילקייט ביי נאַכט, וואָס געהערט זיי אָן דער העלער פריה־מאָרגען? צי קענען זיי עפּים בעמערקען, צי קענען זיי פון עפּים וויסען, אַז זיי האָבען שוין די לעצטע האָפנונג פערלאָרען, אַז פיר זיי איז קיין רחמנות נישט פאַרהאַן, אַז זיי מוזען ליגען דאָרט, וואו זיי זענען געפאַלען, ליגען שטיל און ערוואַרטען יענע מורא׳דיגע סעקונדע, ווען אַלץ וועט שוין זיין נעענדיגט?!

איבערזעצט דורך N—g.



איבערגעבען מיט דעם גאַנצען יוגענד־פייער. ווייטער דאַרף דער חדר זיין רעכט היגיעניש איינגעריכטעט, מיט די נייטהיגע מאָס לופט און ליכטיגקייט, די קינדער זאָלען ניט זיצען איינער געשטיקט אויף דעם אַנדערן נאָר גערוימיג, עס זאָל זיי ניט זיין שווער צו אטהמען, און אויך ניט אריינציהען אין זיך רויך, טשאַד, און אַנדערע מיני בשמים, וואָס פערדארבען די לופט. אונזערע חדרים דאַרפען אונז אויסהאָדעווען אַ געזונטע יוגענד, אַ פרישע, אַ מונטערע מיט אייזערנע קרעפטען.

און דאָס אַלעס אויסצופיהרען איז ניט די אַרבייט פון אַ יחיד, פון איינצעלנע מענשען, נאָר סיידען פון דעם גאַנצען כּלל. אונזער־ע תלמודיסטען האָבען שוין מיט אַ פאָר טויזענד יאָהר צוריק איינגעזעהען אַז אַוועקשטעלען די חדרים אויף אַ שטאַרקען פוס קען נור דער קהל, דאָס גאַנצע פאָלק. די חדרים מוזען איבערגעהען אין דעם רשות פון קהל אין יעדער שטאָדט און איהם וועט שוין ניט שווער זיין איינפיהרען אין זיי אַלע נייטהיגע פערבעסערונגען. קהל ווען ער וויל נור, האָט מיטלען אויף אַלץ, מיטלען אויף גוטע, אַנשטענדיגע מלמדים—פעדאַגאָגען, אויף פיינע חדרים און אויף אַלע אַנדערע דערצו נייטהיגע זאַכען.

ש. ל. ציטראָן.

---

# פאָליטישע איבערזיכט.

די עסטרייכישע טראָנרעדע — די מלחמה אין טראַנסוואל — די לאגע אין חינא.

דעם 4־טען פעברואַר האָט דער קייזער פאָרגעלייגט ביים עפענען פון פאַרלאַמענט זיין טראָנרעדע, אויף וועלכע מען האָט לאַנג מיט אונגעדולד געוואַרט. די לאַנגע רעדע — איהר פאָרלייענען האָט געדויערט 20 מינוטען—האָט אויפגעוויזען אויף די בעדייטונג פון דעם איצטיגען פאַרלאַמענט און אויף די פראַגען, מיט וועלכע ער האָט זיך צו פערנעהמען. די רעדע איז געהאַלטען געוואָרען אין זעהר אַ רוהיגען טאָן אין דער כונה אויסצומיידען יעדען פונקט, וואָס קען נור אַרויסרופען מחלקות און אונצופרידענהייט. די טראָנרעדע ווייזט אויף אַז זינט עס עקזיסטירט דער עסטרייכישער פאַרלאַמענט האָט זיך געהויבען די בילדונג פון פאָלק, עס איז געשטיגען די רייכקייט פון לאַנד, אַז דער פאַרלאַמענט האָט פיעל וויכטיגעס און ניצליכעס געשאַפען און אַז ער איז געוואָרען פאַר א טייערען אוצר פון אַלע עסטרייכישע פעלקער. ביי דער זעלבסטשטענדיגקייט פון די איינצעלנע לענדער איז דער פאַרלאַמענט דאָס צייכען פון דער עסטרייכישער איינהייט. דער קייזער ווענדעט זיך צו די דעפוטאַטען און פערלאַנגט פון זיי, דאָס זיי זאָלען זיך אָבגעבען דער אַרבייט, וועלכע וואַרט אויף זיי און אַרבייט איז דאָ זעהר פיעל, ווייל די אַרבייט פון דעם לעצטען פאַרלאַמענט איז דורך די מחלקות צווישען די איינצעלנע נאַציאָנען געבליעבען כמעט אָהן שום רעזולטאַטען. דעם פאַרלאַמענט וועט פאָרגעלעגט ווערען אַ געזעץ, וואָס וועט גענויער בעשטימען די אחריות און די רעכטע פון די מיניסטאָרען, כדי די פערוואַלטונג פון לאַנד זאָל קענען זיין זעלבסטשטענדיג און פריי פון די פערשידענע פאָליטישע מיינונגען. כדי בעסער צו אָרדנען די אַרבייט פון פאַרלאַמענט וועלען פאָרגעלעגט ווערען אין אַ רוהיגערע צייט בעזונדערע תקנות וועגען פיהרען די ויכוחים. אין דער מחלקה וועגען די שפראַכען וועט זיך די רעגירונג בעמיהען צו געפינען דעם וועג פון גערעכטיגקייט, וועלכער זאָל אַלע בעפרידיגען, נור אין געוויסע פונקטען פון דער פערוואַלטונג מוז בלייבען איין איינהייטליכע שפראַך אַזוי ווי עס איז ביז איצט געוועזען.

דער איבריגער טהייל פון דער טראָנרעדע רעכענט אויס אַ לאַנגען צעטעל פון געזעצען, וועלכע עס וועלען פאָרגעלעגט ווערען דעם פאַרלאַמענט און וועלכע האָבען דעם צוועק צו פערבעסערען דאָסווירטשאַפטליכע און גייסטיגע לעבען פון פאָלק. עס דאַרפען געבויט ווערען נייע באַהנען, פערגרעסערט ווערען די צאָהל פון האַנדעלסשיפען, טיפער געמאַכט ווערען די טייכען, פערפעסטיגט ווערען די ברעגעס, כדי אָבצוהיטען דאָס לאַנד פון פערפלייצונגען, וואָס טהוען אָן יעדעס יאָהר גרויסען שאַדען. עס דאַרפען געזוכט ווערען מיטלען ווי צו שטאַרקען די קלאַסע פון ערדאַרבייטער, עס דאַרף געשאַפען ווערען ביליגער קרעדיט, עס דאַרפען געזוכט ווערען מיטלען ווי צו שאַפען אַרבייט, ווי צו אָרדנען די עמיגראַציאָן, עס דאַרף געזאָרגט ווערען ווי צו פערבעסערען די לאַגע פון אַרבייטער דורך פערקלענערען די אַרבייטסצייט, דורך ביליגע וואָהנונגען, דורך די פערברייטונג פון בילדונג.

אַזוי פיעל פראָיעקטען און הבטחות האָט מען ביז איצט זעהר זעלטען געהערט אין אַ טראָנרעדע, אָבער דאָ האָט עס די רעגירונג געהאַלטען פאַר נייטהיג אויפצוווייזען, וואָס פאַר אַ גרויסעס פעלד פון געזונטער אַרבייט איז נור מעגליך, ווען עס זאָל נור זיין אין פאַרלאַמענט רוהע און אָרדנונג.

וועלען אָבער די וויכּע און וואַרימע ווערטער פון דעם אַלטען קייזער געפינען אַ ווידער־קול אין די הערצער פון די דעפוטאַטען? עס איז געוויס פאַרהאַן אַ גרויסע צאָהל דעפוטאַטען, וועלכע ווילען מיט זייער גאַנצען הערצען מאַכען איין עק פון די אַלע פריהערדיגע אונאָרדענונגען, אָבער דאָס אַליין קען נאָך ניט זיכערען דעם פאַרלאַמענט אַ געזונטע און ערנסטע אַרבייט, כל־זמן עס געפינט זיך אַ פאַרטיי—האָטש ווי קליין זי זאָל ניט זיין — וואָס איז! פעסט ענטשלאָסען צו שטערען די אַרבייט פון פאַרלאַמענט. געגען די שטערער און סקאַנדאַלענמאַכער האָט די רעגירונג קיין שום מיטעל ניט, ווייל עס איז ניטאָ אַזא געזעץ, וואָס זאָל געבען דאָס רעכט אויסצושליסען דעפוטאַטען פון פאַרלאַמענט וועלכע דאָס פאָלק האָט אויסגעקליבען. יעדער פאַרלאַמענט וועט זיך היטען מסכים צו זיין אויף אַזוי געזעץ, וואָס קען ווערען זעהר געפעהרליך פאַר די פרייהייט פון לאַנד. בפרט וועט זיך היטען דער עסטרייכישער פאַרלאַמענט אַנצונעהמען שטרענגע מיטלען געגען די אונאָרדענונגען, ווייל דאָסזעלבע מיטעל פון מאַכען סקאַנדאַלען, וואָס בענוצען איצט די. סלאַווישע פאַרטייען, האָבען ערשט ניט לאַנג בענוצט די דייטשע פאַרטייען. קיינע פון דיביידע צדדים וועט מסתמא ניט וועלען אַרויסלאָזען פון איהרע הענד דאָס מיטעל, מיט וועלכען זי קען שרעקען די רעגירונג און ניט דערלאָזען אַנצונעמען געזעצען געגען איהר וואונש.

די מלחמה אין טראַנסוואַל וויל נאָך אַלץ קיין סוף ניט נעהמען די טעלעגראַמעס דערצעהלען יעדען טאָג פון קליינע בלוטיגע בעגעגנישען צווישען די ענגלענדער און די בויערען, גרויסע שלאַכטען קומען אָבער ניט פאָר. די בויערען מיידען אויס יעדע בעגעגניש מיט אַ גרעסערען ענגלישען חיל און האַלטען זיך ביי זייער פריהערדיגער פיהרונג, נור צו צורייסען די פערבינדונגען צווישען דעם ענגלישען מיליטער. פון דעם אַריינפאַל אין קאַפלאַנד האָבען די בויערען קיין גרויסען נוצען ניט געהאַט, די איינוואָהנער זענען געבליבען טריי די ענגלענדער און זענען צו די בויערען ניט צושטאַנען. וועלען נור די ענגלענדער קריגען נייען חיל פון ענגלאַנד, וועלען די בויערשע קליינע אָבטהיילונגען אין גאַנצען צוריבען און פערטריבען ווערען. די איינציגע האָפנונג איז איצט נור אויף דעם נייעם ענגלישען קעניג. מען זאָגט, אַז וויקטאָריא האָט פאַר'ן

טויט אויסגעדריקט איהר וואונש, מען זאָל אויפהער'ען די מלחמה אין אפריקא. אין ענגלאַנד ווערען איצט אַלץ העכער די שטימען פון די, וואָס פערלאַנגען שלום. עדוארד האָט צווישען די טיטעלן, וואָס זענען איהם איבער־גענאַנגען בירושה אויך אָנגענומען דעם טיטעל דער אויבער־האַר פון טראַנסוואַל. פון דעם טיטעל ווילען אַנדערע ברייננגען, אז עדוארד וויל נעבען די בויערן זעלבסטשטענדיגקייט אין זייער אינעוויעניגסטען לעבען און ער וויל פאַר ענגלאַנד איבערנעהמען נור די אויבערשטע הערשאַפט איבער דאָס איינגענומענע לאַנד.

אין חינא זענען די פערטרעטער פון די פעראייניגטע מלוכות נאָך אַלץ פערנומען מיט די פערהאַנדלונגען מיט דער חינעזישער רעגירונג. יעדער פונקט רופט אַרויס זעהר פיעל שוויריגקייטען אין די קליינע איינצעלהייטען. די חינעזישע רעגירונג הויבט אָן איצט צו קומען צו דער דעה, דאָס עס זענען נייטהיג פערבעסערונגען און פערענדערונגען אין אַלע זייטען פון לעבען. די רעגירונג האָט זיך געווענדט צו אַלע גובערנאַטאָרען מיט אַ צירקולאַר, אין וועלכען זי שטעלט אויף אַ גאַנצעס פּראָגראַם פון רעפאָרמען. די חינעזישע מלחמה האָט דאָך ווי עס ווייזט אויס געבראַכט די חינעזער צום שכל, אָבער טהייער גענוג בעצאָהלען די חינעזער פאַר זייער רבי־געלד.

י. ל.

## בריעף פון לאָנדאָן.

מעלין, דער געוועזענער פראַנצויזישער מיניסטער האָט זיך בערירהמט געמאַכט מיט אַ געוויסער בעהויפּטונג, וואָס ער האָט אין אַ הייסע מינוט געמאַכט, נעמליך דאָס קיין דרייפוס־פראַגע עקזעסטירט ניט אין פראַנקרייך. די צייט אָבער האָט געוויזען, דאָס אַ דרייפוס־פראַגע האָט יאָ עקזעסטירט, און האָט אין איהר שטראָם שפּעטער פערפלייצט דעם הערן מעלין און זיינע פריינד.

אַ גלייכע בעהויפּטונג, וואָס וועט אויך אין דער געשיכטע בלייבען בעקאַנט, האָט מיט אַ וואָך צוריק געמאַכט הער הערמאַן לאַנדאַ, איינער פון די פאָרשטעהער פון דער לאָנדאָנער יודישער געמיינדע, אַ פילאַנטראָפּ און איין עוסק בצרכי צבור: דאָס קיין הונגעריגע רומענישע יודען זענען אין לאָנדאָן פאָריגען זומער ניט געווען, און אַלע רייד איבער רומענישע עמיגראַנטען איז נור די אַרבייט פון געוויסע אַגיטאַטאָרען, וואָס האָבען געוואָלט פון איין פרעמדען אומגליק זיך מאַכען קאַפּיטאַל, און אויסניטצען די זאַך צוליעב זייערע אייגענע אינטערעסען.

אויף דער יעהרליכער אסיפה פון „הכנסת אורחים“, איבער וועלכער הערר לאַנדאַ איז פּרעזידענט, האָט ער זיך שטאַרק בעקלאָגט, וואָס די רוסישע יודען האָבען געקליבען געלד פאַר די רומענישע עמיגראַנטען, פאַר וואָס מען האָט אין די אויסלענדישע צייטונגען געשריבען, דאָס זיי וואַנדערן אַרום ווי די שאָטענס איבער די גאַסען פון לאָנדאָן הונגעריג און אין עלענד, און פאַר וואָס מען האָט אויף דעם ציוניסטען־קאָנגרעס אין לאָנדאָן פאַר זיי געלד געקליבען; אַ פאַקט איז — האָט הערר לאַנדאַ פערזיכערט — דאָס די הכנסת־אורחים האָט קיין עמיגראַנט ניט ענטזאָגט אַ נאַכט איבערצונעכטיגען אדער אַ מאָהלצייט אָבצועסען. די וואָס האָבען געקליבען פאַר עמיגראַנטען געלד האָבען דאָס פאַר זיך אַליין געקליבען.

דאָס איז אַ בעהויפּטונג וואָס איז געגען דער וואַרהייט, און מאַכט די פאָרנעמסטע יודען פון איסט לאָנדאָן פאַר גנבים. דאָס איז אויסערגעוועהנליך, דאָס איין ענגלישער דזשענטלמען, זאָל זיך אונטערשטעלען אַזאַ זאַך צו טהון. דאָ איז נור איין ־ערקלערונג דאָ אויף אַזאַ האַנדלונג, דאָס אונטער די אומשטענדען איז דאָס די בעסטע פּאָליטיק, וואָס די לאָנדאָנער געמיינדע קען אָננעמען. אויב זי האָט פאַר זיך אַ שווערע פראַגע, אויף וועלכע זי קען קיין תשובה ניט געפינען, איז פיעל בעסער אָבצולייקענען אין גאַנצען אַזאַ פראַגע.

עס זענען געווען צייטען און די זענען ניט גאַנץ ווייט פון אונז, וואָס יודען אין אַנדערע לענדער האָבען דעם גרעסטען גלויבען געהאַט צו די ענגלישע יודען. מען האָט פיעל געגלויבט אויף זייער חכמה, אויף זייער גוטסקייט, אויף זייער פרומקייט און אויף זייער חשיבות דאָרטען אין די הויכע פענסטער. איך געדענק, דאָס אפילו אַזאַ פאָרזיכטיגער דענקער ווי הערר אחד־העם האָט אויך, קריטיקירענדיג מיט יאָהרען צוריק די האַנדלונג פון די רוסישע חובבי־ציון, געזאָגט, דאָס ער האָפט, אז אַ גוטע אָרדענונג אין ארץ ישראל וועט נור פון לאָנדאָן געמאַכט ווערען, ווייל ווירקליך, וואָס קאָנען דען ניט ענגלישע יודען, און צו וואָס זענען זיי דען ניט פעהיג? מען האָט ווירקליך געמיינט, דאָס משיח וועט פון לאָנדאָן קומען. די ענגלישע יודען האָבען די אַלע שירות ותשבחות אויף זיך געהערט און האָבען אין אמת'ען אָנגעהויבען גלויבען אין אַלע רעקלאַמעס, וואָס די צייטונגען האָבען אויף זיי געדרוקט און האָבען קיין צווייפעל נעהאַט וועגען זייער גרויסקייט אָדער פעהיגקייטען.

נון זענען אָבער די לעצטע טרעפונגען געקומען און האָבען שטאַרק ערשיטערט דעם גלויבען, וואָס די פרעמדע יודען און זיי אַליין האָבען געהאַט. די רומענישע עמיגראַציאָן האָט אין גאַנצען געוויזען זייער אונפעהיגקייט, זייער קורצזיכטיגקייט, אויך זייער שלעכטסקייט. די ענגלישע געמיינדע האָט זיך אַליין אָבגעמשפּט ביי איהר בעהאַנדלען די רומענישע עמיגראַנטען. זי האָט געהאַנדעלט פיעל ערגער ווי די יודישע געמיינדען אין אונגאַרן, עסטרייך און דייטשלאַנד. אויב די לעצטע האָבען געזינדיגט דורך אונפאָרזיכטיגקייט, דורך קורצזיכטיגקייט, האָט די ענגלישע קהלה פערבראָכען דורך שלעכטסקייט און אייגענּנוציגקייט.

אומעטום, וואו די עמיגראַנטען זענען דורכגעגאַנגען, האָט מען זיי ווענינסטענס צוגענומען, געגעבען אָבצועסען און רייזע הוצאות אויף זייער ווייטערדיגען וועג. אַזוי איז דאָס געגאַנגען ביז די עמיגראַנטען זענען געקומען קיין לאָנדאָן. די לאָנדאָנער געמיינדע, די רייכסטע אין דער וועלט, די האָט אָבער אַנדערש בעשלאָסען. זי האָט די ערשטע זאַך אָנגעזאָגט צו די געמיינדען אין האַמבורג, פראַנקפורט און ראָטערדאַם מען זאָל איהר אהער קיינעם ניט שיקען; די וואָס זענען אָנגעקומען, האָט מען זיך אָבגעזאָגט צו שטיצען מיט דאָס מינדעסטע, און האָט זיי נור אָנגעבאָטען צו שיקען צוריק אַהיים. בלויז אפאַר הונדערט עמיגראַנטען האָבען איינינע פּריוואַט־מענשען אָבגעשיקט קיין קאַנאַדאַ, די איבעריגע האָבען אַרומגעוואַנדערט ווי די שאָטענס דורך די לאָנדאָנער גאַסען, אַרויסקוקענדיג אויף די קליינע סומען געלד, וואָס מען פלעגט פאַר זיי צוזאַמענגעמען פון די אָרימע יודען. די רייכע יודען ווייסען, דאָס זיי האָבען געטהון אַ זאַך, מיט וועלכער זיי האָבען זיך צו שעמען. אַנשטאַט אבער אָפען מודה צו זיין, דאָס זיי האָבען געהאַנדעלט ניט יודיש און ניט ענגליש, ווילען זיי איצט די גאַנצע געשיכטע אָבלייקענען. אין לאָנדאָן ווייס מען אז דאָס איז אַ שקר, צוליעב וועלכען צוועק — דאָס ווערט ניט געזאָגט. אַזעלכע ערקלערונגען זענען געמאַכט נור צו שיטען זאַמד אין די אויגען פון די יודען אין מזרח.

(ענדע קומט) י. ל. דאַלידאַנסקי.

## צייטונגס־שטימען.

די פֿראַגע וועגען די ארץ־ישראל ווייַן איז ווייטער אַרויפֿגעשוואומען אויף אויבערסטען פֿון וואַסער. צו ליעב דעם וואָס די וויינקעלער אין ראשון־לציון און זכרון־יעקב קענען ניט פטור ווערען פֿון די ווייַנען, אויף וועלכע עס געפֿינען זיך ניט קיין בעלנים—מוזען ווערען פֿערקלענערט די ווייַנפֿלאַנצונגען, קריגט דער קאָלאָניסט אַ נידריגען פרייז פֿאַר זיינע ווייַנטרויבען, און דער אַרבייטער זיצט מיט הוילע הענד. לויט ה' א. ניצבערג׳ס בעריכט פֿאַר׳ן אָדעסער קאָמיטעט, קענען די ארץ־ישראל ווייַנען אין אייראָפּא דערוויילע ניט קאָנקורירען מיט די אַלטע איינגעפֿיהרטע. עס לוינט זיך ניט צו פֿערנעהמען מיט ווייַנפֿלאַנצונגען, ווייל, אום אויסצוהאַלטען די קאָנקורענץ קען אַ ווייַנגאָרטען פֿון 50—60 דונאַם העכסטענס איינטראָגען 500 פֿראַנק (בערך פֿון 200 רו״כ) אַ יאָהר. די בעסטע ווייַנגערטנער מיט טייערע ווייַנ־סאָרטען וועלען פֿערלאָזען ווערען פֿון די קאָלאָניסטען, ווייל זיי קענען זיך פֿון זיי ניט מפרנס זיין, און אום צו פֿערגרעסערען די הכנסה פֿון די קליינע ווייַנגערטנער, וועט מען זיי מוזען פֿעראייניגען אין איין ווירטשאַפֿט. די יק״א וועט געצוואונגען זיין צוצונעהמען פֿון מעהרערע קאָלאָניסטען זייערע ערד, אום צו בויען פֿאַר זיי מיט דער צייט נייע קאָלאָניעס, וואו אַקערבוי וועט שפּיעלען די הויפּט־אָלע.

אין 12 ביכעל פֿון „וואַסהאָד״ געפֿינט זיך אָבער אַ אַנדערע מיינונג וועגען דער איינענער פֿראַגע. „דער אַלטער פּאַלעסטינעץ״ אין זיין אַרטיקעל „ווייַנבוי אין פּאַלעסטינאַ״ פֿערגלייכט די יודישע קאָלאָניעס מיט די דייטשע, וועלכע בעשעפֿטיגען זיך אויך מיט ווייַנבוי און האָבען זיך גאָר ניט אויף וואָס צו בעקלאַגען. ער פֿרעגט: פֿאַרוואָס ליידט קיין ווייַנבויער אין פּאַלעסטינאַ פֿון קריזיס ניט? פֿאַר וואָס האָבען מיר פֿערלאָרען יעדע האָפֿנונג אויף הכנסה, בשעת די דייטשען פֿערגרעסערען נאָך היינטיגען יאָהר זייערע ווייַנגערטנער? פֿאַרוואָס פֿערקויפֿען זיך די אַראַבישע ווייַנטרויבען פֿאַר 25 פֿר. אַ קאַנטאַר, בעת די אַדמיניסטראַציע קען פֿאַר טייערע סאָרטען ניט מעהר צאָהלען ווי 20 פֿר., פֿאַר סאָרטען, פֿאַר וועלכע די יודען אין מוצא האָבען נעקראָגען צו 40 פֿר.? פֿאַרוואָס צאָהלט מען ביי די דייטשען פֿאַר סאָטערן און מוסקאַט צו 50 פֿר. און אונזערע קאָלאָניסטען קענען נור 40 פֿר. בעקומען פֿאַר זיי? וועלכע פּרייזען זאָל מען האַלטען פֿאַר ריכטיגער: צי די וואָס גיבען דייטשען, יודען אין ירושלים, אָדער ווייַנבויער, וועלכע אַרבייטען אויף איינענע רעכענונג, אָדער צי די וועלכע די קעלערען צאָהלען אין די קאָלאָניעס? אום צו ענטפֿערען אויף אַלע די שאלות, מוז מען פֿערשטעהן פֿון וועלכע סבות הענגט אָב אַ ווייַנבוי־אונטערנעהמונג. ערשטענס פֿון דעם, צי איז גוט און צי קריגט מען אַ מיושב׳דיגען פּרייז פֿאַר דאָס רויהע מאַטעריאַל. צווייטענס פֿון די הוצאות אויף די אונטערנעהמונג, דריטענס פֿון דעם, צי טויג דער ווייַן און צי קען מען איהם אין אַ לייכטען אופן פֿערקויפֿען.

אין דייטליכע ציפֿער ווייזט דער פּראָפֿעסער, דאָס דער פּרייז פֿאַר דאָס רויהע מאַטעריאַל פֿון די פּאַלעסטינאַ ווייַן, וועלכער איז אַסך ניעדריגער ווי אין אייראָפּא איז אין ערגעץ ניט אַזוי נידריג געפֿאַלען ווי אין די קאָלאָניעס פֿון יק״א; דאָס די הוצאות אויף די אויסאַרבייטונג זענען אין פּאַלעסטינאַ די איינענע ווי אין אַנדערע לענדער. וואָס אַנבעלאַנגט די איינענשאַפֿטען פֿון די פּאַלעסטינאַ ווייַנען, איז אַלעמען בעקאַנט, דאָס דעם יאָהר האָבען זיי נעקראָגען אַ גאָלדענעם מעדאַיל אויף דער פּאַריזער אויסשטעלונג. ספּעציאַליסטען אין רוסלאַנד, דייטשלאַנד און אין פֿראַנקרייך (פּראָפֿעסאָר רישאָ) האָבען געגעבען אויף דעם ווייַן די פֿיינסטע און די בעסטע מיינונגען. די אופֿנים פֿון ווייַנפֿערקויף זענען ניט ערגער ווי אין אַנדערע לענדער, וועלכע שיקען אויס זייערע ווייַנען אין אַלע עקען פֿון דער וועלט. אויפֿ׳ן וועלטמאַרק ווערט יעהרליך פֿערקויפֿט ביז 14 מיליאָנען העקטאָליטער. פֿון זיי ווערען 4 מיליאָן צושיקט אין אַמעריקאַ, אויסטראַליען, אינדיען, מצרים און קליינאַזיען. צי קען מען שוין ניט לויז ווערען פֿון 50 טויזענד העקטאָליטער, וועלכע מאַכען איצט פֿול די ווייַנקעלער פֿון ראשון־לציון?

צי קענען דאָס נור פֿראַנקרייך, איטאַליען, שפּאַניען מיט פֿערדיענסט פֿערקויפֿען זייער ווייַן אין די ווייטעסטע לענדער, און ראשון־לציון, וואָס צייכענט זיך אויס מיט איהר גוטער סחורה קען דאָ—טאַקי אין דער אמת׳ן ניט געפֿינען קיין קונה? די צאָל־אַבגאַבען זענען דאָך די איינענע, די הוצאות אויף די ווייַנצובערייטונג איז דאָך אויך ניט מעהר און די פּרייזען אויף טרויבען זענען דאָך נאָך אַסך ביליגער, טאָ, אין וואָס איז דאָ דאָס אומגליק געלעגען דאָס מיר קענען ניט פטור ווערען פֿון די ווייַנען?

די איינציגע אַנטוואָרט דערויף,—שרייבט ווייטער דער אַלטער פּאַלעסטינעץ — איז די: די סבה פֿון היינטיגען קריזיס ליעגט אין דעם וואָס עס איז ניטאָ קיין סדר, קיין אָרגאַניזאַציע אין דעם ווייַנ־פֿערקויף.

למשל, נאָך דעם „קראַך״ פֿון דער אַדמיניסטראַציע, וועלכע האָט אין מצרים געעפֿענט אַ ווייַן געשעפֿט, האָבען אַלע (אויסער די פּראַקטישע סוחרים) אין איין קול געשריען, דאָס אַלעקסאַנדריע איז קיין אָרט ניט פֿאַר׳ן ווייַנפֿערקויף, צום סוף האָט זיך אויסגעלאָזען, דאָס אַ יונגער מאַן האָט אויף זיין איינענע ריזיקע געעפֿענט אַ געשעפֿט, און האָט פֿאַריגעס יאָהר פֿערקויפֿט 2,500 העקטאָליטער, $^1/_{20}$ דערפֿון וואָס ליעגט היינט אין די ווייַנקעלערען. וועגען טערקיי און קליין אַזיען האָט מען געהאַט די איינענע מיינונג, צום סוף האָט אַ אַגענט ביי זיין ערשטער רייזע פֿאַריאָהרען געקראָגען בעשטעלונגען אויף 1000 העקטאָליטער. שוין אין פּאַלעסטינאַ אַליין וואָלט מען געקענט מאַכען גוטע געשעפֿטען, ווען דאָס געשעפֿט וואָלט געלעגען אין די הענד פֿון סוחרים, וואָס זענען פֿערטהון אין עסק און ניט ביי אַזעלכע לייט וועלכע פֿערדאַרבען דעם גוטען שם פֿון די ווייַנען דורך דעם, וואָס זיי גיבען אַנשטאַט פּאַלעסטינער—סמירנער ווייַנען, און דאָס האָט שוין ניט איינמאַל פּאַסירט.

ווייטער האָט מען געמאַכט אַ פֿעהלער וואָס מען האָט אַרויסגעגעבען מאָנאָפּאָליען אויף בעשטימטע לענדער, און דערביי האָט מען די מאָנאָפּאָליסטען ניט פֿערפֿליכטעט אָבצונעהמען אַ בעשטימטען טהייל פֿון ווייַן. סוף כל סוף מאַכען די מאָנאָפּאָליסטען גוטע געשעפֿטען, פֿערקויפֿענדיג די ווייַן פֿלעשער־וויַיז צו הויכע פּרייזען; דער קאָלאָניסט אָבער געווינט דערפֿון זעהר ווייניג. „כרמל״ אין גאַנץ רוסלאַנד האָט פֿערקויפֿט $^1/_4$ מיליאָן פֿלעשער ווייַן, אונגעפֿעהר 2,500 העקטאָליטער, דאָס הייסט אַזוי פֿיעל וויפֿיעל איין שטאָט אַלעקסאַנדריע אין מצרים. נאָר אויף די חברה „כרמל״ קען מען חאָטש וועניגסטענס זאָגען דעם שבח, דאָס זי האָט איינגעפֿיהרט דעם פּאַלעסטינאַ־ווייַן אין רוסלאַנד!

אין אַנדערע לענדער און טאַקי, אין אַזעלכע, וואו מיר וואָלטען אַסך ווייַן געקענט אָבזעצען--פֿיהרט זיך דער ווייַנהאַנדעל ריין קינדעריש,

אין וויען איז נור דאָ 1 מאַגאַזין פֿאַר גאַנץ עסטרייך, דאָס אייגענע אין בערלין פֿאַר גאַנץ דייטשלאַנד, אין לאָנדאָן פֿאַר גאַנץ ענגלאַנד. אין האַמבורג האָט מען פֿערלאָזען דעם פֿערקויף אין פֿלאַשען און מען איז אריבער גלייך צום אַנגראָ געשעפֿט אנשטאָט צו האַלטען זיך ביי אַ געמישטען פֿערקויף־סיסטעם.

און דערביי שלאָגט פֿאָר דער אַלטער פּאַלעסטינעץ דאָס מען זאָל וועניגסטענס אין געוויסע לענדער מבטל זיין דאָס מאָנאָפּאָל־סיסטעם; דעם ווייןפֿערקויף זאָל מען פֿיהרען אין אַנגראָ און אין קליינעם: דער וויינהאַנדעל דאַרף ליגען אין די הענד פֿון אֶמת׳ע סוחרים, דעמאָלט וועט געמאַכט ווערען אַ אָנהויב דערצו, אַז אונזערע וויינען זאָלען אָבגעזעצט ווערען און דער קירצעסטער צייט. וואָרום עס זעהט זיך ניט איין קיין גרונד, פֿאַרוואָס עטליכע טויזענד העקטאָליטער גוטע וויין זאָלען ניט געפֿינען קיין פּלאַץ אויפֿ׳ן געוואַלטיגען וועלט־מאַרק. נאָר אום אַז דער וויינהאַנדעל זאָל האָבען אַ פֿעסטען מעמד דאַרף מען זעהן צו פֿעראינטערעסירען די וויינבויער אַליין.

מען דאַרף זיי אָרגאַניזירען ווי עס האָבען זיך אָרגאַניזירט די דייטשע וויינבויער אין דעם אופֿן, דאָס זיי זאָלען די פּרייזען קריגען בעצאָהלט ניט פֿאַר׳ן רויהען מאַטעריאַל (וויינטרויבען), נאָר פֿאַר דעם וויין וואָס קומט פֿון זיי אין די קעלער׳ן אַרויס.

דער פּערפֿאַסער קוקט מיט אַ פֿרעהליכען בליק אויף די צו־קונפֿט פֿון פּאַלעסטינאַ, ווי אויף אַ לאַנד פֿון גרויס׳ע רייכע וויינגערט־נער. ער ענדיגט זיין אַרטיקעל מיט די ווערטער: „און דער וויינשטאָק, וואָס איז אַזוי בעריהמט געווען אין שלמה׳ס צייטען, וועט נאָך אויפֿ־בליהען צוזאַמען מיט דער אויפֿבליהונג פֿון יודישען פֿאָלק“!

דער אַלטער פּאַלעסטינעץ האָט שוין ניט צום ערשטען מאָל איינגעוויזען דעם לעזער אויף די פֿעהלערן פֿון וויינהאַנדעל. ניט צום ערשטען מאָל קומט ער צו אונז מיט די אייגענע פֿאָרשלעגע. און פֿון דעסטוועגען געפֿינען מיר אין א. גינצבערג׳ס בעריכט קיין איינציגעס וואָרט, וואָס זאָל מבטל מאַכען זיינע טענות. א. גינצבערג איז אונז גענוג בעקאַנט מיט זיינע עהרליכקייט און טרייקייט צו אַלץ, וואָס בעריהרט די פּאַלעסטינאַ־פֿראַגע. אויף דעם א. פּ. (אויך אויף בן־צבי) שרייבט מען אין קישינעווער בריעף פֿון $^{22}/_{9}$, דאָס אויף זיינע בע־ריכטע פֿון פּאַלעסטינאַ קען מען זיך פֿערלאָזען מיט׳ן גאַנצען האַר־צען. היינט פֿרעגט זיך, וואָס זאָל טהון דער אָרימער לעזער, וואָס איז נאָך קיין מיטגליעד ניט פֿון אַ „עולי־גולים“־חברה און איז נור אַנגע־וויזען צו שטילען זיין דורשט מיט בעריכטען, „פּראָטאָקאָלען“ און „קאָרעספּאָדענציעס“, וואָס זאָל ער טהון נעבעך, ווען די בעריכטע, קאָרעספּאָדענציעס זענען זיך איינע די אַנדערע סותר?

קוקען און שווייגען און זיך חדושען!

א. ע.

---

## יוּדִישֶׁע שְׁטֶעדט און שְׁטֶעדְטלִיך.

„ווייבער“ און „דאַמען“. מה יפית-ניקעס. „זשיראָווסקאַיאַ חיטראָסט“.

איך, אמת, בין היינט אַ גליקליכער—איך האָב געפֿונען די שענ־סטע יודישע פֿרויען און ווייסט איהר, וואו זיי געפֿינען זיך?—אין דער יודישער שטאָדט בערדיטשעוו.

קיין זאַך בעשיינט ניט אַזוי פֿרויען, ווען זיי האָבען אַ גוט האַרץ און געבען זיך אָב מיט גוטע זאַכען.

צוויי גוטע פֿרויען—ב. אַבראַמאָוו און ח. מאַגאַזיניק גיבען יעדען טאָג 300 מיטאַגען אָרימע קינדער פֿון דער בערדיטשעווער געמיינדע־שולע און האַלטען זיי אויס מיט קליידונג אַ גאַנץ יאָהר. דריי גוטע פֿרויען—מ. מרגליות, היילפּערין און פּ. טראַכטענבערג האָדעווען, קליי־דען און שיכען אַלע תלמידים פֿון דער צווייטער יודישער שולע (די ישיבה). פֿיער גוטע פֿרויען—ד. וויסמאַן, ר. היילפּערין, ר. ליכטענ־שטיין און ר. לובין זאָרגען פֿאַר אָרימע געווינערינס, זיי זאָרגען אַז די געווינערינס זאָלען אין דער צייט האָבען איין אַקושערקע, איין דאָקטאָר, רעצעפּטען, וועש פֿאַר די מיטער און פֿאַר דאָס קינד: די ערשטע צוויי וואָכען שיקען זיי אַריין פֿלייש פֿאַר די געווינערין און איהר גאַנץ הויזגעזינד, אויך מילך פֿאַר די קינפּעטאָרין. ווינטער צייט ווערט די ערשטע וואָך אויך אַריינגעשיקט הייצונג און געלד אויף דער הוצאה אין שטוב.

דאָס אַלעס טהוען יודישע ווייבער אָהן געפּילדער, אָהן רעש, נאָר פֿון ריינעם גוטען האַרץ צו אָרימע און צו געפֿאַלענע.

„איין גוטע זאַך בריינגט די אַנדערע“.—בערדיטשעווער „דאַמען“ האָבען אויך פֿערטראַכט נאָכטהון די יודישע ווייבער, זיי האָבען גע־עפֿענט אַ שולע פֿאַר יודישע אָרימע מיידליך; מען מוז זאָגען דעם אמת, אַז זיי האָבען אויף דער שולע גענוג אַרבייט און מיה אַוועק־געלעגט, נאָר ווי עס ווייזט זיך אויס האָבען די דאַמען ווינציג פּראַקטיקע און פֿעהיגקייטען צו כלל־זאַכען. ערשטענס: פֿאַרוואָס קלויבען זיי ניט אויס קיין קאָמיטעט פֿון די 300 מיטגלידער, וואָס גיבען געלד אויף דער שולע, און טהוען אַלעס אַליין ניט פֿרעגענדיג ביי קיינעם? יעדער מיטגליד האָט דאָס רעכט צו וויסען אויף וואָס זיין געלד געהט און איבערהויפּט דאַרף יעדער וויסען אַ חשבון. צווייטענס: מען האָט צוזאַמען געקליבען 1200 רובל, אויף צו עפֿענען די שולע, איז אַוועקגעגאַנגען 400 רובל, וואו זשע איז דאָס איבריגע געלד? פֿאַר וואָס גיט מען ניט אַרויס קיין חשבון? אַלע געמיינדע־זאַכען דאַרפֿען שטענדיג געטהון ווערען בְּפַרְהֶסְיָא. דריטענס: אויף דער שולע האָט מען געדונגען אַזאַ הויז וואָס די „שטאָדט־דומא“ האָט עס פֿריהער ניט געוואָלט דינגען אויף אַ קאַזאַרמע“, אַזאַ נאַסע וואָהנונג איז דאָס. פֿיערטענס: די שולע איז געמאַכט געוואָרען פֿאַר קינדער פֿון אָרימע עלטערן און עס לאָזט זיך אויס אַז מעהר ווי אַ האַלב שי־לערינס זענען כלל ניט פֿון אָרימע עלטערן. פֿינפֿטענס: אין דער שולע ווערט ניט געהעריג געלערנט העברעאיש. צווישען די דאַמען געפֿינט זיך קיין איינציגע, וועלכע זאָל עטוואָס פֿערשטעהן די שפּראַך. דאַכט זיך אַז ווען מען דאַרף האָבען אַ העברעאישען לעהרער, וואָלטען זיי זיך בעדאַרפֿט מיט עמיצען בעראָטהען. די דאַמען זענען געוואָהנט אַלעס אַליין צו טהון און האָבען געדונגען אַ לעהרער, וואָס קען אפשר אַלע זיבעציג שפּראַך אין דער וועלט, נאָר אויסער העברעאיש. אַ גליק וואָס דער לעהרער איז זעהר איין אָרענטליכער יונגערמאַן און האָט זיך דערנאָך אַליין אָבגעזאָגט פֿון זיינע העברעאישע שטונדען אין דער שולע...

דער בערדיטשעווער קאָרעספּאָנדענט שרייבט אַז אויסער די פֿינף בעוויזע געפֿינען זיך נאָך, נאָר ער רעכענט עס פֿאַר גענוג, ער זאָל האָבען דאָס רעכט צו ראַטהען די יודישע דאַמען, אַז זיי זאָלען זיך לערנען ביי די יודישע ווייבער, ווי זיך צו בעגעהן אין וואָהלטהעטיגע זאַכען. ביי די ווייבער קומט אַלעס אויס אָפֿען, אַלעס טהוען זיי בפרהסיא אַז יעדער קען זעהן זייער אַרבייט לטובת הכלל.

אַלענפֿאַלס פֿרעהט זיך דאָס האַרץ צוזעהענדיג, ווי אונזערע פֿרויען און דאַמען גיבען זיך אָב מיט גוטע זאַכען און פֿערברייננגען זייער פֿרייע צייט מיט נוצען פֿאַר יענעם און בריינגען פֿיעל גוטס אונזערע אָרימע ברידער און שוועסטער.

יעדע וואָך קומט מיר אויס צו ברייננען אלץ טרויריגע פֿאַקטען אין די יודישע שטעדט און שטעדטליך און ווען איך נעפֿין אמאָל א גוטען פֿאַקט אין אונזער טרויריג לעבען בין איך זיך אמת משמח. עס וויל זיך אָנהויבען האָפֿען און גלויבען אז מיר זענען מענשען, אָבער ווי זעלטען, זעלטען געפֿין איך אזוינע גוטע ליכטיגע פֿאַקטען, און ווי טרויריג איז ווידער אריבערצוגעהן דאַרטען, וואו עס איז טונקעל, פֿינסטער און וואו מען זעהט נור מה־יפית־זינגער און קונצענמאכער אויב איהר ווילט זעהן אזוינע יודען, קענט איהר זיי געפֿינען אין ווארשא.

אין ווארשא געפֿינט זיך א געוויסער סאָרט יודען, וועלכע הערען עד היום ניט אויף צו זינגען מה־יפית פֿאַר די פריצים און זיך פֿערשטעלען פֿאַר מאַלפּעס, אבי צו געפֿעלען דעם פריץ, האָטש עד היום הערען די מה־יפית־זינגער ניט אויף צו בעקומען פֿון די פריצים הארפּניקעס, נאַר די אומגליקליכע יודען פֿערקרימען זיך אפילו ניט, ווען מען שמייסט זיי, און זינגען ווייטער, מאכען קונצען אום פֿרעה־ליך צו מאכען דעם פריץ, אבי דעם פריץ געפֿעלען.

וואָס, וואָס האָבען שוין אָט די אומגליקליכע יודען ניט איבערגעטהון אבי די פריצים צו געפֿעלען! מען קליידט זיך, מען פֿיהרט זיך צו הויז און אומעטום ווי זיי, מען רעדט נור אויף זייער שפּראַך, מען רופֿט זיך מיט זייערע נעמען, מען ערציהט די קינדער ווי זייערע, מען פֿייערט זייערע ימים טובים, מען מאַכט התונה יודישע טעכטער פֿאַר זיי מיט א צוגאָב פֿון יודיש געלד אלס נדן, און יודישע גרויסע קאפּיטאַלען געהען איבער צו זיי, מען גיט אויך אסך יודישע טויזענדער אויף מיצקעוויטשעס מאנאמענט, מען גיט אַרויס ביליגע פּוילישע ביכער פֿאַר יודיש געלד, מען בויעט פֿאַר יודיש געלד פּוילישע שולען און ביליגע הייזער: די פריצים נעמען אַלעס צו וואָס די יודען גיבען נור און דערנאָך ענטפֿערט מען זיי מיט הארפּניקעס אין די פּוילישע צייטונגען, מען זידעלט זיי און מען מאַכט זיי מיט דער בלאָטע גלייך, פֿאַר וואָס יודען קומען צווישען פּוילישע נעזעלשאַפֿט, פֿאַר וואָס זיי מישען זיך אין פּוילישע געשעפֿטען און פֿאַר וואָס זיי זענען פּוילישע פּאטריאטען, און גאָר ניט... די יודען זינגען ווייטער מה־יפית און גיבען ווייטער געלד...

ניט לאַנג איז געוועזען דער יובליי פֿון דעם בעוואוסטען פּוילישען שרייבער הייגריך סענקעוויטש, דעם יובליי האָבען די פּאליאַקען אין ווארשא געפֿייערט זעהר גרויסאַרטיג. אויסער גרויסען כבוד, וואָס מען האָט איהם אָנגעטהון, האָט מען איהם געשיינקט א מאיאָנטעק, פֿאַר וועלכען מען האָט בעצאָהלט 50 טויזענד רובל.

וויפֿיעל יודישעס געלד געפֿינט זיך אין די 50 טויזענד רובל!

הערט וואָס הארפּניקעס מיט שמיטץ די יודישע מה־יפות־ניקעס בעקומען פֿאַר זייער געלד:

„אויף סענקעוויטשעס יובליי, שרייבט א פּוילישע צייטונג, האָט זיך ניט ווילענדיג נעוואָרפֿען אין די אויגען, אַז דאָס מעהר עולם בעשטעהט פֿון סעמיטען אויס דער אינטעליגענץ, די סבה דערפֿון איז, וואָס דער קאָמיטעט האָט פֿריהער פֿאַר אַלעמען צושיקט בילעטען די, וועלכע האָבען געגעבען געלד אויף דעם „פֿאָלקס פּרעזענט" (אויף צו קויפֿען דעם מאיאָנטעק) פֿאַר דעם, ראָמאַניסט, און צווישען די, וואָס האָבען געגעבען גרויסע נדבות דערויף, האָבען זיך געפֿינען ניט די ה"ה זאגלאבעס, סקשעטוסקעס, נאַר די ה"ה „ואָן", „בערג" א. ד. ג.

איבערהויפּט רעגט אויף, וואָס דער קאָמיטעט האָט ניט פֿער־בעטען אויף דעם יובליי די רעדאַקטאָרען פֿון די פּוילישע צייטונגען אויס דער פּראָווינץ דאָן, ווען זיי האָבען געפֿינען פּלאַטץ פֿאַר די באַנקירען און פֿערשידענע געשעפֿטסמאַכערס, וועלכע קערען זיך כלל ניט אָן מיט דער פּוילישער ליטעראַטור א. ז. וו."

איך ווייס אַז אויסער גרויסע נדבות פֿון יודישע באַנקירען האָבען אויך פֿיעל קליינע יודען געגעבען קליינע נדבות ווי 3, 5 און 10 רובל.

נו און וואָס זאָגען די יודישע באַנקירען, די יודישע געשעפֿט־מאַכערס און די אַנדערע „יודישע פּאָליאַקען"?

גאָר ניט, זיי פֿערקרימען זיך אפילו ניט פֿון די פּריצישע הארפּניקעס און זינגען ווייטער מה־יפית, אבי צו געפֿעלען דעם פריץ... אומגליקליכע מאַלפּעס!

ניט לאַנג האָב איך געבראַכט א פֿאַקט, דאָס אין ווילנא האָט מען ניט ערלויבט קיין „יודישע חברה געגען שכרות" איבער דעם טעם, ווייל יודען שכור'ן ניט, דערום איז אַזאַ חברה גאַנץ איבריג ביי יודען.

איבער דעמזעלבען טעם איז ניט לאַנג פֿאַרגעקומען אין טיראַספּאָל (חערס. גוב.) אַזאַ סצענע:

די דאָרטיגע „געזעלשאַפֿט געגען שכרות" האָט איינגעפֿיהרט, מען זאָל שפּיעלען טהעאַטער פֿאַר דעם פּראָסטען עולם, נאַר מיט איין פּונקט, אַז יודען זאָל מען ניט פֿערקויפֿען קיין בילעטען; ווייל יודען שכור'ן ניט, דערום דאַרפֿען זיי קיין טהעאַטער ניט האָבען.

יענקעל פּריקשאַטשיק האָט אָבער פֿון דער נייער גזירה ניט גע־וואוסט, און, ווען זיין בעל הבית האָט פֿערמאַכט דאָס געוועלב, האָט ער זיך אויסגעפּוצט אין זיין שבת'דיגע קאַפּאָטע, אנגעטהון א ווייסען קאָלנער און איז געלאָפֿען אין טהעאַטער נעמען א בילעט.

— ניט דאָ פֿאַר דיר קיין בילעט.

— וואָס הייסט עס איז ניט דאָ, פֿאַר וואָס פֿערקויפֿט איהר פֿאַר מיינע אויגען א בילעט יאַהטעמ'ן, ער איז אויך א פּריקאַש־טשיק, וואָס איז? — מיינע צעהן קאָפּיקעס זענען קיין געלד ניט?

— יאַהטעם שכורט און דו יענקעל שכורסט ניט...

יענקעל שטעלט אויס א פּאָר אויגען און בלייבט אָהן ווערטער.

עס שטעהען נאָך יודען פֿון פּראָסטען עולם און ווילען קויפֿען בילעטען, נאַר מען פֿערקויפֿט זיי ניט.

יעקעל פּריקאַשטשיק ברענט זיין אין טהעאַטער, ער דראַפּעט זיך אויף די ווענד פֿון טהעאַטער און וויל אַריינקוקען דורך א שפּאַרינג, נאַר מען טרייבט איהם פֿון דאָרט אַוועק.

יענקעל פּריקאַשטשיק ברענט אָבער נאָך מעהר זעהן, ווי מען שפּיעלט טהעאַטער, און פֿאַלט אויף איין עצה, ער לויפֿט אַהיים ער טהוט אויס זיין שבת'דיגע קאַפּאָטע מיט זיין ווייסען קאָלנער, ער טהוט זיך אָן זיין אַלט צוריסען לייביל און לויפֿט אין שענק נאָך א מאָנאָ־פּאָלקע פֿאַר 14 גראָשען און טרינקט אויס דאָס פֿלעשעלע; קיין סך דאַרף יענקעל ניט האָבען ער זאָל ווערען שיכור, ער געהט שוין „א פֿאַרטינגער" אין טהעאַטער, ער גיט צעהן קאָפּיקעס, מען פֿערקויפֿט איהם א בילעט און יענקעל זיצט אין טהעאַטער...

איז דאָס אפשר ניט א „זשידאָווסקאַיא חיטראָסט?"...

אָמת.

## מען שרייבט אונז.

מינסק. אין גיכען דארפען ביי אונז פארקומען די וויבארעס פון א נייעם פאפעטשיטעל אין דער תלמוד תורה. די פראגע — ווער עם וועט זיין דער אויסנעקליבענער, אינטערעסירט די גאנצע שטאדט און איבער־הויפט די ארימע עלטערן, וואס זענען ניט אומשטאנד צו לערנען זייערע קינדער און מוזען זיי אוועקגעבען אין תלמוד תורה. חאטש דארט לערנען זיך בערך 1000 קינדער, איז דארט די ארדנונג אזוי אלטפרענקיש, אז די קינדער, וואס לערנען זיך דארט, געהען ארויס גאנץ אונוויסענד אין תורה, אין קענטנים און אין דרך ארץ. די גאנצע האפענונג איז אויף א באסענדען פאפעטשיטעל, וואס זאל זארגען די ארדענונג אין תלמוד תורה צו פערבע־סערן. די וויבארעס זענען איינענטליך געשעהן פאר א יאהרען און מען האט אויסנעקליבען ווידער איינעם פון דעם אלטען דור, נאר די אינטעליגענץ האט פראטעסטירט און די גובערנסקי פראווליעניע האט מבטל געוועזען די וויבארעס, און איצט מוזען זיי געשעהן אויף דאס ניי. די מלחמה צווישען די פאנאטיקער און דער אינטעליגענץ וועט דיזעס מאל, ווי מען קען ערווארטען, זיין נאך פיעל שטארקער.

אויסער דער תלמוד תורה נעפינט זיך ביי אונז א שולע פאר 100 קינדער, וואס די היגע אבטהיילונג פון דער „חברה מפיצי השכלה" האט געגרינדעט. אין דער היגער פריוואט שולע לערנען אויך אומזיסט א געוויסע צאהל קינדער, פאר וועלכע די מעשצאנסקי אופראווי צאהלט, צוזאמען קען מען רעכנען בעקומען ביי אונז אומזיסטען אונטעריכט בערך א פאר הונדערט קינדער, דאס איז אבער ווי א טראפען פון ים נעגען די טויזענדער אומגליק־ליכע קינדער וואס בלייבען אהן א שולע און אהן לעהרער.

— דורך א קאמיסיע פון דער היגער „מעדיצינישער געזעלשאפט" קומט פאר יעדען שבת צונאכטס פארלעזונגען פאר דעם פאלק. די בעזור־כער פון די פאלקס־פארלעזונגען זענען כמעט דורכאויס יודען (בערך 400 צו־הערער יעדען שבת צונאכטס). דאס אינטערעס צו די פארלעזונגען וואקסט ביי דעם פאלק אנגעהויער. דאס האבען מיר צו פערדאנקען דער קענטנים און מיה פון פראוויזאר גרשוני און ד"ר קאמינסקי. דעם ערשטען איז אויך צו פערדאנקען וואס מען האט צוריק מיט צוויי חדשים געעפענט איין אבענד־שולע פאר בעלי מלאכות און פריקאשטשיקעס. די שולע בעזוכען איצט 160 יונגע מענשען, זיי בעקומען אונטעריכט אין לעזען, שרייבען און רעכנען. אויסערדעם ווערט פאר זיי געהאלטען געשפרעכען פון היסטארישען און וויסענשאפטליכען אינהאלט. צום בעדויערען קענען ניט בעזוכען די „פאר־לעזונגען" און די „אבענדשולע" פיעל בעל מלאכות און פריקאשטשיקעס, זיי־ענדיג דעם גאנצען טאג ביז שפעט אין דער נאכט פערקויפט אין „קראם", אין ווארשטאט אדער אין פאבריק, בכלל איז זייער לאגע ניט גוט אין דעם וואס ווען איינער ווערט קראנק אדער ער פערליערט זיין שטעלע, דארף ער געהן אין הקדש אדער שטארבען פאר הונגער און נויט. דערצו וואלט קענען העלפען ווען עס זאל ווערען ביי זיי א „חברה צו געגענזייטיגער הילף". אזוינע חברות איז איצט ניט שווער צו גרינדען, לויט די תקנות, וועלכע די רעגירונג האט צו דעם צוועק ניט לאנג ארויסגעגעבען, אבער דערצו פעה־לען ביי אונז מענשען פון אינטעליגענץ און מיט ענערגיע, וואס זאלען זיין פעהיג צו ארגאניזירען אזוינע וויכטיגע חברות. די פריקאשטשיקעס האבען זיך אפילו איינינע מאל פערזאמעלט און בעשלאסען צו פעראייניגען זיך אין א חברה, אבער אויף צו פיהרען ווייטער די השתדלות האט געפעהלט מענ־שען מיט ענערגיע, און דער גוטער געדאנק איז אבגעקיהלט געווארען.

א בעקאנטער.

מנשה מזרחי פון דימער (קיעוו. גוב.): מיט עטליכע יאהר צו־ריק האבען אונזערע בעלי בתים איינגעזעהן אז עס איז געפעהרליך, א שטאדט זאל זיין אהן א דאקטאר, און אזוי ווי אונזער שטעדטיל איז זעהר קליין און קיין דאקטאר קען דא נישט האבען אזוי פיעל פראקטיקע, ער זאל האבען פון וואנען צולעבען, האט מען מיט עטליכע יאהר צוריק געמאכט ביי אונז איין אבצאהל אויף די הייזען פון א דאקטור'ס וועגען, וועלכען מען האט באלד ארויסגעבראכט פון קיעוו. אזוי זענען אוועקגעגאנגען עטליכע יאהר, אונ־ער שטעדטיל איז ניט געוועזען אהן א דאקטאר און אלע זענען געוועזען צופרידען. נאר שוין זייט א יאהר האט מען איבער פערשידענע מחלוקות ארויסגענומען דעם אבצאהל פון די הייזען, דאס וועט נייטהען דעם דאקטאר פון אונז אוועקצופיהרען און ארימע קראנקע, וואס קענען ניט פאהרען קיין קיעוו, וועלען ווידער בלייבען אהן שום הילף. אום דאס צו פערהיטען דארפען די שטאדטלייט מאכען איין ארדענונג ווי פריהער, דאס שטעדטיל זאל ווידער ניט בלייבען אהן קיין דאקטאר.

ה. וויכנען פון לעאנפאל (ווילנ. גוב.): א היגע יודענע, די ווירט־הין פונ'ם פאראם, שרה רובין האט פאריגע וואך ארויסגעוויזען א זעלטענע גבורה. איינינע מענשען פון שטעדטיל האבען בעדארפט אריבער די דווינא (היזיגער טייך). ווי זיי זענען אבגעפאהרען ניט ווייט פון ברעג, האבען אויפ'ן פאראם אנגעשפארט גרויסע קריהעס און האבען איבערגעריסען דעם שטריק, מיט וועלכען דער פאראם ווערט געצויגען, און די דריי מענשען זענען אריינ־געפאלען אין טייך, צוויי פון זיי האט מען גלייך ארויסגעראטעוועט, דער דריטער אבער איז געבליבען שטעהן אויף זעהר א שוואכער קריהע אין מיטען טייך און האט זיך געביך געראנגעלט מיט דעם טויט, קיינער האט ניט גע־וואגט איינשטעלען דאס לעבען ראטעווען דעם אומגליקליכען. דאן האט שרה רובין געחאפט א שיפעל און זיך געראנגעלט מיט דער קריהע, ביז זי איז געקומען צו דעם ארט, וואו דער מענש האט זיך שוין געהאלטען אין טרינקען, און מיט די לעצטע כחות איהם אריינגעשלעפט אין שיפעל און איהם בשלום געבראכט צום ברעג, אבער זי אליין איז אין גאנצען גע־וועזען צושלאגען און צובלוטיגט פון די קריהעס. דערצו האט זי זיך שטארק פערקעלטעט און ניט קוקענדיג אויף אלע רפואות און מיטלען האפט מען וועהר וועניג אויף איהר לעבען.

א. זש־ר פון לאדז: די „חברה יודישע פריקאשטשיקעס אין לאדז" האט בעקומען איין ערלויבניש צו עפנען א האנדעלס שולע פאר די קינדער פון די מיטגלידער. דאס וועט זיין די איינציגע האנדעלס שולע, וואו די יו־דישע שילער וועלען ניט וויסען פון קיין שום פראצענטען.

— די חברה ציוניסטען האבען זיך צוטהיילט אויף פיעל בעזונדערע קליינע חברות און מיט דעם האבען זיי שוואכער געמאכט די ציוניסטישע בעוועגונג, איינינע ציוניסטען האבען דאס איצטער איינגעזעהן און סטארען זיך ווידער צו פעראייניגען די פיעל קליינע חברות אין איינע א גרויסע חברה.

— דער צדקה־אבענד, וואס די פרוי גאלדפעדער און פרוי לאנדוי האבען געמאכט פאר די היגע ארימע לייט, האט געגעבען ריינע הכנסה 12 טויזענד רובל.

## צייטונגען פון דער וואך.

(ראטשילדס הויז). דעם $^{25}/_{12}$־טען יאנואר איז אין פראנק־פורט געשטארבען באראן ווילהעלם קארל ראטשילד. דאס האט געגע־בען שטאף דעם בעוואוסטען רוסישען שרייבער וו. דאראשעוויטש, וועלכער געפינט זיך איצט אין פראנקפורט צו שרייבען וועגען ראטשילדס הויז:

אין פראנקפורט געפינען זיך צוויי היסטארישע הייזער, אין וועלכע עס זענען געבארען צוויי גרויסע מענשען.

אין איין הויז איז געבוירען געטהע און אין דעם צווייטען הויז איז גע בוירען ראטשילד.

אין איין הויז האט געטהע געשריבען דעם פראלאג פון „פאאוסט" און אין דעם צווייטען הויז איז בעשאפען געווארען דער פראלאג פון ראטשילדס מיליארדען.

יעדער וואס ווייסט ווער איז געטהע, ווייסט וואס איז אזוינס ראטשילד, און פון טויזענד מענשען, וועלכע ווייסען וואס איז אזוינס ראטשילד, געפינען זיך אפשר הונדערט, וועלכע ווייסען וואס איז אזוינס געטהע.

ביידע היסטארישע הייזער בעזוכען פיעל רייזענדער.

בעשרייבענדיג די שטאדט פראנקפורט, איהרע שענע פאלאצען, וואס זענען געבויט אין לעצטען יאהרהונדערט און די אלטע געביידען וועלכע שטעהן שוין הונדערטער יאהרען, דערצעהלט ער ווייטער:

דורכפאהרענדיג אויף די ברייטע נייע גאסען וועט איהר זיך פלוצים אנשלאגען אויף ניט קיין הויכע וואנד, וועלכע שטעהט אומגעלימפערט אין מיטען דערינען אויף א פלאץ,

איין אַלטע בלאָטיגע וואַנד, איין אבגעריסענע, אַ פֿערצוויטעטע.

— דאָס איז די יודישע וואַנד, דאָס איז אַ רעשט פֿון דער וואַנד, וואָס האָט אמאָל ארומגערינגעלט דעם יודישען קוואַרטאַל, די „טשערטא“...

מיר זענען אין דער „יודישער געטא“. אין דער. געטא איז געבליבען איין שמאַלינקע געסיל מיט עטליכע אַלטע הייזליך. אויף דעם אָרט פֿון די איצטיגע ברייטע ליכטיגע גאַסען זענען אמאָל געוועזען שמאָלע פֿינסטערע געסליך מיט הייזליך אָנגעשפּאַרט און געטילעט איינס צום אנדערען, פונקט ווי זיי וואָלטען זיך שרעקען פֿאַר דעם טוידט. ווען די זון פֿלעגט פֿערגעהן, פֿלעגט זיך דער נידריגער טהויער אין דער וואַנד פֿערשליסען אויף אייזערנע קייטען, וועכטער האָבען געהיט און קיין יוד האָט ביז אין דער פֿריה ניט געטאָרט ארויסגעהן פֿון טהויער,—ווען ניט איז איהם געקומען טויטען.

אין דער געטא האָט מען ניט ערלויבט אָנצינדען פֿייער, און ווי עס איז נור נאַכט געוואָרען האָט מען געזאָגט צו די יודען:

— זייט שטילינקע און לייגט זיך שלאָפֿען.

אך פֿאַר וואָס האָט מען אזוי געזאָרגט וועגען יודען!

די גאַנצע נעכט פֿלעגען די פֿראַנקפֿורטער הוליען, מוזיק האָט געשפּיעלט, די גאַסען זענען געוועזען בעלויכטען מיט קאָלירענדיגע לאַמטערענס, ביער האָט מען געטרונקען טייכענווייז, אין די זאַלען האָט מען געטאַנצט, נור די יודען האָט מען אין דער צייט אָנידערגעלעגט שלאָפֿען...

וואָס זשע האָבען יודען געזאָלט טהון? אָט איז אין אַ שענעם פֿריה-מאָרגען ביי זיי געבוירען געוואָרען ראָטשילד...

און די אַלטע וואַנד שטעקט אין מיטען פּלאַטץ אַלס מאוסער עדות פֿון דער נאַרישער פֿערגאַנגענער צייט און זאָגט אייך:

— ניין, דאָס אַלטע מיטעל צו פֿערזיכערען זיך טויג ניט אין ערגיין...

אַ דרייסיג שפּאַן פֿון דער וואַנד הויבט זיך אָן דאָס איינציגע איבערגעבליבענע שמאָל געסיל פֿון דער געטא—בערנע-שטראַסע, דאָ געפֿינט זיך דאָס הויז וואו עס איז געבוירען דער ערשטער ראָטשילד. פֿון איהם קומט ארויס די „דינאַסטיע“—ניט פֿון מלכים... נאָר פֿון די וועלכע „אנטלייען געלד מלכים“.

אויף דער דאָזיגער גאַס זענען די ראָטשילד׳ס געבוירען געוואָרען און זי טראָגט לודוויג בערנעס נאָמען... און בעמערקט, אז יודען האָבען זעלבסט פֿערלאַנגט אַז די גאַס פֿון דער געטא זאָל טראָגען בערנעס נאָמען.

אָ, יודען פֿערשטעהן די קראַפֿט פֿון איראָניע ניט ווינציגער ווי די קראַפֿט פֿון רענדליך.

זיי פֿערשטעהן צו שעטצען איראָניע און געלעכטער — אָט דאָס פֿאָלק וואָס האָט געגעבען היינריך היינע און לודוויג בערנע.

אין דעם קליינעם שמאָלען „געסיל-בערנע“, געפֿינט זיך די באַנק „ראָטשילד עט זעהנע“

אין דער צייט וואָס די פּאַריזער און לאָנדאָנער ראָטשילד׳ן בויען פֿאַר זיך פּאַלאַצען אויף די ברייטע שענסטע גאַסען—ווילען די פֿראַנקפֿורטער—דער נעהנטסטער דור פֿון ראָטשילד—ניט אוועקגעהן פֿון דעם שמאָלען געסיל, וואו זיי זענען געבוירען.

אין דעם ליגט פֿיעל גדלות.

„ראָטשילד אין דער געטא“. וויפֿיעל איראָניע, געשפּעט און ביטער געלעכטער ליגט אין דעם.

ווי קענען לאַכען!

אין דעם הויז, וואו דער ערשטער ראָטשילד איז געבאָרען, וואָהנט קיינער אויסער אַ שמש מיט זיין פֿאַמיליע. דאָס הויז ווערט אָבגעהיט לזכרון ווי אַ הייליגטהום.

דאָס איז אַ געוועהנליך בעל-הביתיש הייזיל, אַ שמאָלעס, אַ לאַנגעס, דער גאַנצער פֿראָנט איז כמעט נור פֿון פֿענסטער, אָהן אזוי פֿיעל פֿענסטער וואָלט מען געקענט בלינד ווערען פֿון פֿינסטערקייט, ווייל דאָס שמאָלע געסיל אין דער געטא האָט געגעבען זעהר ווינציג ליכט. די פֿיעל פענסטער קוקען אויף אייך ווי מיט דערשראָקענע אויגען.

דעם שמש ווייב ווייזט די רייזענדער פֿון אַלע לענדער און פעלקער דאָס צימער, וואו ראָטשילד האָט געוואָהנט, אפילו די קיך.

אויף דעם ערשטען שטאָק געפֿינט זיך אַ שול וואָס בעשטעהט פֿון אַ קליין האַלב פֿינסטער צימעריל, אויף אַ טיש ליגען ספר-תורות, פונקט מען האָט נור וואָס געלערנט אין זיי.

עטליכע שפּאַן פֿון דעם הויז ווי יזט מען אייך אָב אַ קלייטיל וואו ראָטשילד איז אַ גאַנצען טאָג געזעסען. דאָ האָט געקלונגען דאָס ערשטע רענדיל, פֿון וועלכען עס האָבען אַ סך מיליאָנען אויסגעוואַקסען.

פֿון דאָנען זעהט מען די איבערגעבליבענע ווענד פֿון געטא און סימנים פֿון טהויער, וואָס מען פֿלעגט אויף ביינאַכט פֿערשליסען מיט קייטען.

באַלד וועט מען צוברעכען די רעשט פֿון דער אַלטער וואַנד. וואָס האָט זי דאָ צו שטעקען אין מיט׳ן פּלאַטץ. אין דעם הויז וואו רוטשילד איז געבאָרען וועלען מסתמא די יורשים מיט דער צייט מאַכען איין הקדש פֿאַר אָרימע אָדער איין אַנדער וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלט.

שאָדע, די וואַנד מיט דעם הויז פֿון דער געטא וואָלט מען בעדאַרפט איבערלאָזען. עס איז דאָ פֿון וואָס זיך אָבצולערנען. עס איז פֿול מיט איראָניע.

---

## די יודישע וועלט.

**רוסלאַנד.** = סענאַטס ערקלערונגען: — דער סענאַט האָט ערקלערט, אַז יודען ערדאַרבייטער האָבען דאָס רעכט איבערצוגעהען פֿון איין קאָלאָניע אין די אַנדערע, אפילו נאָך דעם ארויסגעגעבען פֿון געזעץ פֿון 3-טען מאַי.

— וועגען די רעכטע פֿון יודען בעלי-מלאכות האָט דער סענאַט ערקלערט: 1) אַז אויב אַ יוד ווערט אויסגעשלאָסען פֿון צעך דערפֿאַר, ווייל ער פֿערנעמט זיך נישט מיט זיין מלאכה, קען ער פֿונדעסטוועגען נאָך אמאָל אריינגענומען ווערען אין צעך, אויב ער טהוט די מלאכה. 2) אַז די גובערנסקע פּראַוולעניע אַליין האָט נישט דאָס רעכט אויסצושליסען פֿון צעך אַ יוד — אַ בעל-מלאכה, איידער די רעמעסלעננייא אופּראַווע מאַכט איהר בעשלוס וועגען דעם.

— דער „ארלאָווסקי וויעסטניק“ איז מודיע, אַז אין ארעל דאַרף קירצליך זיין אַ משפּט פֿון אייניגע מענשען, וועלכע האָבען געמאַכט אַ גערודער אין טעאַטער בשעת מען האָט פֿאָרגעשטעלט די דראַמע „קאָנטראַבאַנדיסטען“ פֿון בעקאַנטען אַנטיסעמיט עפֿראָן.

— ווי מיר האָבען שוין מודיע געווען וועט דעם 13 פעווראַל זיין די אספה כללית פֿון דער חברה צו שטיצען יודען ערדאַרבייטער אין ארץ-ישראל. אויף דער אספה וועט ווערען בעקלערט די שאלה פֿון די יודישע אַרבייטער אין ארץ ישראל און אויב מען זאָל נעהמען פֿון פֿאָנד, כדי צו העלפֿען די פועלים.

— אין אָדעס איז געקומען אַ דעפּוטאַציע פֿון יודישע קאָלאָניסטען און אַרבייטער, כדי צו סטאַרען זיך ביי דער חברה, אַז מען זאָל זיי ביישטעהען אין זייער נויט. די דעפּוטאַציע בעשטעהט פֿון 6 פּערזאָן: 3 דעלעגאַטען פֿון די קאָלאָניסטען (הה׳ אַסטאַשענסקי, סמילאַנסקי און גאַראַדעצקי) און 3 פֿערטרעטער פֿון די פועלים (הה׳ חרל״פ, קאַמאַראָוו און גיסין).

איינער פון די דעפּוטאַטען האָט דער רעדאַקציאָן פֿון דער „יוזשנאיע אבאזרעניע“ ערקלערט דעם ציעל פֿון זייער קומען. „די ווייַנקעלער אין ארץ ישראל האָבען אָנגעהויבען אויסצואַרבייטען ווייניגער וויין. די קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען אייגענע ווייַנגערטנער, ווייסען נישט וואָס צו טהון. 359 אַרבייטער געהען ארום ליידיג און געפֿינען זיך אין אַ ביטערע לאַגע. מיר ווייסען נישט מיט וואָס זיך צו פערנעהמען, צי מיט וויינבוי, ערדאַרבייט אָדער גאָר פֿאַבריקאַציאָנען; מיר ווילען דאָ דערגעהען, וואָס מיר האָבען צו טהון“.

— „אין די קאָלאָניעס זענען אַלע טרויריג און ניעדערגעשלאָגען; קיינער ווייסט נישט וואָס וועט מיט איהם מאָרגען זיין. אַלעמאָל קומען נייע קאָמיסיעס פון פּאַריז און מאַכען רעוויזיעס. ביז דעם-טאָג וואָס מיר זענען ארויסגעפֿאָהרען אהער האָבען פערלאָזען ארץ-ישראל 145 פֿאַמיליעס; זיי זענען נישט געווען פֿון די בעסטע אַרבייטער, ווייל די בעסטע קענען זיך נישט ענטשליסען אוועקצולאָזען די פֿעלדער, וועלכע זיי האָבען בענעצט מיט זייער שווייס און בלוט, און וואו זיי האָבען פערבראַכט די בעסטע יאָהרען“.

**דייטשלאַנד.** — דעם 31 יאַנואַר האָט דער דעפּוטאַט פּעלטאַזאַהן (יוד) אין פּרייסישען פּאַרלאַמענט אָנגעפֿרעגט דעם יוסטיץ-מיניסטער פֿאַר וואָס ביי בעשטימונג צו נאָטאַריוסען מאַכט ער איין אונטערשיעד צווישען יודען און קריסטען און פֿאַר וואָס די ווייניגע יודישע ריכטער, וועלכע זענען דאָ אין פּרייסען, בעקומען אויף זייער לעבען נישט קיין העכערע שטעלען. דער יוסטיץ-מיניסטער האָט געענטפֿערט אַז עס איז אמת, אַז ער וויל פֿערקלענערען די צאָהל פֿון יודישע נאָטאַריוסען. דאָס איז אָבער נישט קיין פֿאָרוואורף געגען די יודישע יוריסטען; ער איז נישט מסופק אין די עהרליכקייט און פֿעהיגקייט פון די יודישע יוריסטען, נאָר ער מוז זיך רעכענען אויך מיט די מיינונגען פֿון דער בעפֿעלקערונג, וועלכע האָט נישט קיין חשק צו האָבען געשעפֿטען מיט יודען נאָטאַריוסען און זיי פֿערטרויען זייערע עסקים.

דער ליבעראַל ד ר. באַרטה האָט אויסגעדרוקט זיין פֿערוואונדערונג וועגען דער תשובה פֿון יוסטיצמיניסטער. איינער פֿון די וויכטיגסטע יסודות פֿון דער קאָנסטיטוציאָן, האָט געזאָגט ה. באַרטה, איז, אַז די צוגעהעריגקייט צו אַ

געוויסער אמונה זאָל נישט זיין קיין סבה, צו בעהאַנדעלען איין מענש ערגער ווי דעם אַנדערען, ווען דער יוסטיצמיניסטער טהוט אָבער נישט אַזוי, און זאָגט, אַז אַנשטאַט צו היטען דעם געזעץ וויל איך טהון דאָס וואָס איך האַלט פאַר ניצליך דעם פאלק, דאַן הערט אַלעס אויף, און די קאָנסטיטוציאָן האט מעהר נישט קיין ווערט. דען די קאָנסטיטוציאָן זאָל אונז שיצען פאַר דעם וואָס דער הערר מיניסטער מיינט אַז עס איז ניצליך פאַר דעם פאלק, אויסערדעם האַנדעלט זיך עס נישט ווענען די אינטערעסען פון פאלק, נאָר ווענען אַנטיסעמיטישע געפיהלען ביי אַ קליינעם טהייל פון פאלק, ווען איהר רעכענט אַז דאָס דייטשע פאלק איז שוין אַזוי געפאַלען, אַז עס קען נישט ליידען דאָס מען זאָל גלייכשטעלען אַלע אמונות, דאַן דאַרפט איהר ענדערען די קאָנסטיטוציאָן, אָבער זאָלאַנג די קאָנסטיטוציאָן בעשטעהט, מוז מען האָבען דעם מוטה צו זאָרגען פאַר איהר קיום. איך רעכען אַז פאַר אַלעס איז עס דער חוב פון יוסטיץ־מיניסטער, און איך בעדויער דערום זעהר דאָס ער האָט דאָ געגעבען אַזאַ ערקלערונג.

# אלגעמיינע וועלט נייעס.

**רוסלאנד.** — אויף אַנטראַג פון דעם פינלענדישען גענעראַלגובערנאַטאָר האָט דער מיניסטער פון אינגערען ערקלערט, אַז וויל די פינען קלעבען אָן אויף זייערע בריעף נעבען דער רוסישער מאַרקע אויך אַ פילענדישען הערב, וועלכער קען ברענגען דאָס פילענדישען פאָלק צו אַ פאַלשען געדאַנק וועגען אַ פילענדישער מלוכה, על כן האַלט דער מיניסטער פאַר נייטהיג מודיע צו זיין, אַז אַלע בריעף, אויף וועלכער עס איז אָנגעקלעבט אַזאַ הערב אָדער אויך בריעף מיט טרויער צייכען און מאַרקען, וועלכע זענען נישט בעשטעטיגט פון דער רעגיערונג, זאָלען נישט אָנגענומען ווערען פון דער פאָסט, ווייל די מאַרקען און הערבען האָבען אַ כאַראַקטער פון אַ פאָליטישע דעמאָנסטראַציאָן.

— דער סענאַט האָט ערקלערט, אַז די גובערנסקע פּראַוולעניע טאָר נישט אָבזאָגען די ביטען וועגען עפענען פאַבריקען פון לימאָנאַד און סאָדאַוואַסער, איבער דעם טעם, ווייל עס איז שווער אויף זיי אַכטונג צו געבען, אָדער ווייל זיי זענען איבריג (פּראָמישלעני מיר).

*

**ענגלאנד.** — קעניג עדוארד VII. דער נייער ענגלישער קעניג עדוארד VII איז ביז יעצט געווען בעקאַנט אונטער דעם נאָמען פרינץ פאָן וועלס, ווי עס הייסען פון אייביג אָן אַלע ענגלישע קראָנפּרינצען. ער איז געבאָרען אין 1841 יאָהר און איז איצט שוין אַלט 60 יאָהר. די קעניגין וויקטאָריע האָט זיך שטאַרק אָבגעגעבען מיט זיין ערציהונג און נאָכהער האָט ער גלייך מיט אַלע אַנדערע ענגלישע אדעליגע געלערנט אין קעמברידזשער און אָקספאָרדער אוניווערזיטעט. איינטרעטענדיג שפּעטער אין מיליטער איז ער נישט געבליעבען זיצען אויף איין אָרט, און געמאַכט אָפטע רייזען קיין אינדיע, אַמעריקאַ, טערקיי, מצרים אַז. וו

דער געוועזענער פרינץ פאָן וועלס איז בטבע זעהר פשוט ביי זיך, פריינדליך צו מענשען און פריי געזאָננען, נאָך וועניגער ווי עס ערלויבט איהם דאָס ענגלישע געזעץ האָט ער זיך פערנומען מיט פאָליטישע ענינים. אין זיין מאַלבאָראַ־פאַלאַץ האָט ער זיך געפיהרט אַ פריי לעבען און נישט געוואָלט וויסען פון דער עטיקעטע, וועלכע איז אָנגענומען אויף דעם קעניגליכען הויף. אויף זיין הויף האָט מען קיינעם נישט געפרעגט זיין יחוס און נישט פערלאַנגט אַז מען זאָל אָבהיטען די הויף—צערעמאָניעס. קינסטלער, שריפטשטעלער און פינאַנסיסטען זענען געוואָרען אַזוי שען צוגענומען ווי די הערצאָגען, פירסטען און מיניסטאָרען. ער איז אויך זעהר בעליעבט ביי דעם ענגלישען פאָלק און עס געהט נישט אַוועק קיין וואָך אַז מען זאָל נישט האָבען איהם פערבעטען אויף עפנונג פון אַ וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלט, פונדאַמענטלעגען פון אַ בריק וכדומה.

ווי עס דערצעהלט דער לאָנדאָנער קאָרעספּאָנדענט פון דעם „בערלינער טאַגעבלאַט" האָט די פערשטאָרבענע קעניגין וויקטאָריע נישט געלעבט זעהר גוט מיט דעם קראָנפּרינץ, און צו איהר גסיסה איז ער גערופען געוואָרען דער לעצטער. זיין חתונה אין 1863 יאָהר מיט דער טאָכטער פון דענישען קעניג, פרינצעסין אַלעקסאַנדראַ, איז דער מוטער נישט געווען לרצון, חאָטש זי איז שפּעטער שלום געוואָרען מיט דער שנור. נאָך דעם טוידט פון וויקטאָריעס מאַן אַלבערט איז ערשיענען איין אַרטיקעל אין דער Times, אַז די קעניגין זאָגט זיך אָב פון דער מלוכה לטובת דעם פרינץ פון וועלס; אין דערזעלבער צייט האָט לאָרד ביקאָנספיעלד געזאָגט אין זיינער אַ רעדע, אַז די קעניגין וויקטאָריע איז געוואָרען פיזיש און מאָראַליש אונפעהיג צו פיהרען ווייטער די מלוכה. מען האָט דאַן גערעכענט, אַז דער פרינץ פון וועלס האָט אַרויסגעלאָזען די שמועה וועלכע האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די קעניגין. דאָס פריימיטהיגע לעבען פון פרינץ איז אויך נישט געפעלען דער קעניגין, וועלכע איז מיט די יאָהרען געוואָרען אַלץ שטרענגער אין שטאַלצער.

אויך צוליעב דער טראַנסוואַאַלער מלחמה איז געוואָרען איין אומשלום צווישען דער מוטער און דעם זוהן, די קעניגין האָט נישט געוואָלט אַז אויף איהרע עלטערע יאָהרען זאָל מען פיהרען אַ קריעג און איז געווען געגען דער מלחמה. נאָר דער פרינץ פון וועלס און דער איידעם פון דער קעניגין הערצאָג פייוו, איינער פון די דירעקטאָרען פון דער דרום—אפריקאַנישער געזעלשאַפט, האָבען געהאַלטען מיט טשעמבערלען און די מלחמה האָט אויסגעבראָכען.

# דער אלטער טשעסלער.

## (סקיצע).

אלט איז שוין לייזער דער טשעסלער, געבוינגען געהט ער שוין, און קענטיג, אַז דער שטעקען זיינער, וואָס ער האַלט אין דער רעכטער האַנד, קומט איהם שטאַרק צו־ניטץ, אָהן דעם שטעקען וואָלט ער אין בית־מדרש אַוואַדי ניט פערגאַנגען: מעהר ווי אין בית־מדרש געהט ער נישט — עס איז איהם שווער און אַגב האָט ער נישט וואוהין צו געהן; זיינע קינדער זענען זיך צופאָהרען אין אַמעריקאַ און ער איז עלענד, ווי אַ שטיין. „די אַלטע" זיינע איז שוין אויך טויט. געשטאָרבען איז זי מיט דריי יאָהר צוריק, ווען ער האָט נאָך גערבעט, און געאַרבעט האָט לייזער אַזוי לאַנג, ביז וואַנען ער האָט שוין ניט געקענט, אַזוי לאַנג, ביז די האַק האָט זיך פון זיין האַנד ניט אַרויס געגליטשט... דאַמאָלס האָבען איהם די יונגערע טשעסלערעם געזאָגט:

— צייט שוין ר' לייזער אייך אָבצורוהען!...

און שוין צוויי יאָהר, אַז ער רוהט טאַקי: אמת אין גאַנצען רוהט ער ניט, עס קומט איהם אָן זעהר שווער די „הוצאה" זיינע. דאָס עסען איז שוין ווי עס איז; אַ פּאַר געקאָכטע קאַרטאָפעל און אַ קאָפּ פון אַ הערינג קלעקט איהם אויף אַ טאָג, דאָס אומגליק איז נור ווען עס קומט איהם אויסצוצאָהלען זלמן דעם אַלטען די צוויי גילדען דירה־געלד; דאַמאָלס אַרבעט ער מעשים, קעהרט איבער וועלטען, אָבער נישט מיט די הענד, נאָר מיט'ן קאָפּ. ער זוכט אויף אין מה פערוואַלגערטע בעלי־בתים, וועמען ער האָט הייזער געבויט און וועלכע זענען נאָך איהם שולדיג געבליעבען. אַסך פון זיי לייקענען איהם; אַנדערע זענען מודה און שווערען, אַז זיי האָבען ניט: טהייל זענען ניט מודה און לייקענען ניט, און וואַרפען איהם דאָך אַרויס אַ פּאָר גילדען.

נאָר די לעצטע צייט קומט איהם אָן אַלץ שווערער און שווערער די צוויי גילדען דירה געלד צו קריגען. ער איז שוין שולדיג זלמן דעם אַלטען פיער גילדען פאַר צוויי חדשים און עס געהט שוין אַ דריטער. זלמן וואָלט איהם אפילו געוואַרט, נאָר ער קען ניט — ער איז אַליין ניט דער „בעל־הבית", ער אַליין צאָהלט דירה געלד און איהם קומט דאָס אויך אָן זעהר שווער. סך הכל איז זלמן איין אַלטער שניידער, אויף איין אויג שוין בלינד און מעהר אַז לאַטעס לענען קען ער ניט, און וואָס פערדיענט ער, פון אַ לאַטע מישטיינס געזאָגט!... לייזער דער טשעסלער האָט אויף איהם קיין פעראיבעל נישט ווען ער מאָנט אַמאָל צו שטאַרק, נאָר גוט איז דאָס איהם ניט. צייט ער לעבט האָט ער קיין ליגען ניט געזאָגט און איצטער, אויף דער עלטער, האָט ער שוין דעם אַלטען זלמן אָבגענאַרט, אַז היינט, מאָרגען ניט ער איהם געלד... און די לעצטע טעג בלייבט לייזער אין בית־מדרש ביז שפּעט נאָך מעריב, ער זיטצט ביי אַ ספר אויף עברי־טייטש און וואַרט ביז וואַנען דער בית־מדרש זייגער שלאָגט 10. דאַמאָלס ווייס ער זיכער, אַז דער אַלטער זלמן שלאָפט שוין, און ער געהט אַוועק אַהיים...

דער אַלטער זלמן האָט שוין געגעבען לייזער'ן אָנצוהערעניש אַז ער וועט פערדינגען זיין „אָרט" אַ צווייטען, אויב ער וועט איהם

די טעג קיין געלד ניט געבען. לייזער איז צוטומעלט געוואָרען, ער האָט אַ מורמעל געטהון: איילט זיך ניט, מיר וועלען זעהן, נאָר טאַקי מעהר נישט ווי אַ מורמעל — דייטליך זאָגען האָט ער עס ניט געקענט, וואָרען וואָס האָט ער צו זעהן? ער האָט שטיל גענומען דעם שטעקען און האָט זיך שטיל אַרויסגערוקט...

דאָס אומגליק איז גרויס געווען! דאָס אומגליק האָט דעם אַלטען לייזער'ן צוטומעלט; מיט שטאַרקע בליקען האָט ער געקוקט אויף דער ערד אין די זייטען. נאָר אָט פערשווינד דאָס גרויסע אומגליק. לייזער פערקוקט זיך אויף די הייזער און פערגעסט זיך. די הייזער ווערען איהם ליעב, פיעל פון זיי דערמאַנען איהם אמאָליגע יאָהרען, ווען ער, אַ היכער אַ געזונטער, איז געשטאַנען און געשמאַק געאַרבעט. „אָט די שטוב", דערמאַנט ער זיך, אַ קוק טהוענדיג אויף יענקיל דעם שענקערס שענע הויז, — האָב איך צעהן וואָכען געטהון, — ער האָט גאַנץ עהרליך געצאָהלט — פינף גילדען אַ טאָג, און פלעגט אמאָל געבען אַ ביסיל בראַנפען נאָך דער אַרבייט. — עס איז נאָך גאַנץ שטאַרק! אמאָליגע געהילץ — אייזען!... אָט די שטוב — פערקוקט ער זיך אויף נאָך איינער — האָב איך שוין געטהון ניט פון טאג — אַגולנאָ! איך האָב זיך דאַמאָלס אָבגענאַרט, עס האָט מעהר נישט אויסגעמאַכט ווי אַ האַלבער רובעל, צי פיער גילדען אַ טאָג, — ער קען זיך נישט דערמאַנען... אָט געהט ער פאַרביי דעם גביר'ס הויז. „אַ הייזעלע!" טראַכט ער און קוועלט — „נאָך גאָר ניי! שוין אַ מעשה פון אַיאָהר צוואָנציג — אַ מאַסע הדרים, דערמאַנט ער זיך, זענען דאָ; ביי דעם גביר האָט ער ניט שלעכט פערדינט — זעקס גילדען אַ טאָג. ער פערוואונדערט זיך אין געדאַנק; „נו, ער איז דאָך פאָרט דער ערשטער גביר אין שטאָדט!" פערענטפערט ער זיך אַליין...

און ער פערקוקט זיך אויף נאָך און נאָך הייזעליך, וועלכע ער האָט אין זיין לאַנגען לעבען געבויט; זיי גיבען איהם אָב גריסען און עס ווערט איהם וואַרעם אין זיין אַלטער קאַלטער נשמה... נאָר אָט וואַקסט פלוצים דאָס אומגליק צוריק אַרויס, ער דערמאַנט זיך עפּיס שרעקליכעס און זיין אַלטער קערפּער ציטערט...

פערצווייפעלט איז ער אריין אין בית־מדרש, אָבגעדאַווענט מנחה, נאָכדעם מעריב. דער זייגער שלאָגט שוין 8—9—10, איצטער שלאָפט שוין דער אַלטער זלמן, נאָר לייזער האָט גאָך נישט בדעה צו געהן אַהיים. ער זיצט ביי'ן „קו־הישר", נאָר זיינע געדאַנקען זענען ערגיץ וואו אַנדערש. „וואָס טהוט מען, וואָס טהוט מען", אָט די אייזערנע ווערטער קלאַפען איהם אין זיין אַלטען מח. זיי האָבען אָבער אַזוי לאַנג געקלאַפּט ביז זיי האָבען אויפגעבויט אין זיין קאָפּ אַ גליקליכען פּלאַן, דער אַלטער שמייכעלט. ער איז גליקליך: פון היינט אָן וועט ער שוין בלייבען אין בית־מדרש, צוריק וועט ער שוין נישט געהן צום אַלטען זלמן! — ער לעגט זיך איבער עטליכע מאָל, טאָמער איז דאָ פאַראַן אַ שטיקעל חסרון, עפּיס אַ שטערונג, נאָר ער געפינט ניט. ער ווערט בעגייסטערט. געוויס, געוויס — בעשליעסט ער זיך פעסט — פון היינט אָן בלייב איך אין בית־מדרש; אַראָב אַזאַ יאָך! אַקליינינקייט אַלע חדש צוויי גילדען... „צוויי גילדען"! רעדט ער אַרויס, שוין ניט אין געדאַנק, נאָר מיט ווערטער, און איהם דאַכט זיך, אַז פון זיינע פּלייצעס האָט עמיצער אַראָבגענומען אַ באַרג...

אַ פּיצעלע משאָ בלייבט איהם דאָך — דער הוב: אָבצאָהלען מוז מען! נאָר ווי אַזוי? ער זיפצט...

* *

דער בית־מדרש זייגער האָט געשלאָגען צוועלף. דער אַלטער לייזער זיצט ביי'ן טיש און דרעמעלט און איהם חלומ'ט זיך, אַז דער אַלטער זלמן זיצט קעגען איהם און שטשאָבעט, און נאָך יעדער שטאָך אין בגד, גיט ער איהם מיט'ן נאָדעל אַ שטאָך אין די אויגען.

— ר' זלמן, שטעכט זיך ניט — בעט ער זיך — איך וועל אייך די פיער גילדען אָבצאָהלען, מאָרגען הויב איך אָן צו אַרבייטען ביי יענקיל דעם שענקער'ס הויז, ער צאָהלט פינף גילדען אַ טאָג... זלמן וויל עס ניט הערען און שטעכט איהם מיט'ן נאָדעל אין די אויגען און אין אַלע גליעדער, און אָט פיהלט ער אַז ער שטורכעט איהם.

נאָר דאָס שטורכען איז שוין געוועזען אויפ'ן וואָהר. דאָס האָט געשטורכעט דער אונטער־שמש, שרייענדיג:

— ווייט מוחל, דאָ איז מיין אָרט! איך דאַרף זיך לעגען.

לייזער האָט אָנגעהויבען רייבען די אויגען. דערזעהענדיג אַנשטאָט דעם אַלטען זלמן'ען — דעם אונטער שמש איז ער צו זיך געקומען, ער האָט זיך דערמאַנט אָן זיין פּלאַן, אַז ער בלייבט פון היינט אָן אין בית-מדרש, נאָר דער אונטער שמש האָט איהם טרוקען איבערגעגעבען, אַז דאָ איז ניט קיין הקדש; די גבאים האָבען פערזאָגט, אַז מען זאָל קיינעם ניט לאָזען נעכטיגען, עס איז גענוג די ישיבה בחורים וואָס שלאָפען דאָ.

אויס!...

און געהענדיג צוריק צו זלמן דעם אַלטען, האָט שוין לייזער נישט געקוקט אויף די הייזער, וועלכע ער האָט געבויט; עס איז געווען זעהר אַ פינסטערע נאַכט, און אין די אויגען איז איהם נאָך פינסטערער געווען. זעהר פאַמעליך איז ער געגאַנגען, נאָך פאַמעליכער, ווי ער האָט געקאָנט. עס איז איהם ליעבער געווען צו שלעפען זיך אין דער פינסטערער נאַכט, איידער צו קומען צו דעם אַלטען זלמן'ען, צו זיין בעל־חוב. און וואָס וועט זיין דער סוף?... דער אַלטער זלמן וועט איהם וואַרטען נאָך אַ פּאָר טעג, אָבער ניט מעהר... אויפ'ן גאַס וועט איהם אויסקומען צו לעגען זיך... אויפ'ן גאַס.

— אוי! — האָט ער אַ קרעכץ געטהון ביי דעם שרעקליכען רעיון...

און איצטער האָט ער זיך דערמאַנט, וואָס זיין „אַלטע" האָט איהם אַמאָל, אַמאָל געזאָגט: „לייזער, אַלע בויען זיך, לאָמיר זיך אויך פערזאָרגען מיט אַ שטיקעלע". „מען קען ניט — האָט ער איהר געענטפערט, פאַר מיין אַרבייט פיר זיך, וועט מיר קיינער נישט בעצאָהלען". ער האָט איהר אַפילו גוט געענטפערט, זי האָט דערויף ניט געהאַט וואָס ווייטער צו ריידען, דאָך דערמאַנענדיג זיך, אַז אָט באַלד — באַלד האָט ער ניט וואו זיך אַהינצוטהון, ווערט ער אויף זיך אין כעס און זידעלט און שילט זיך אַליין:

— אַלטער נאַר, הייזער האָסטו געבויט און אויפ'ן גאַס וועסטו שטאַרבען.

---

אברהם רייזען.

## דאס יודישע לעבען.

### לויט די יודישע פאלקס ליעדער.

---

ב.

### דאס גריינע אסתר'ל.

אסתר'ל הייסט דאָס קליינע מיידעלע, וואָס איז ערשט אַרויס פון וויעג...

עס קריכט שוין אויף אַלע פיער; עס מאַכט־נאָך דעם קעצעלע, דעם הינטעלע...

און טאַטע מאַמע
וואָלטען שוין גערן זעהן אַ טריטעלע
פון געטרייען פיסעלע...

עס קומט אויף דעם אויך אַ צייט!

זי געהט און פאַלט, זי שרעקט זיך פאַר'ן פאַלען און איז דאָך שטאָלץ אויפ'ן געהן.

מען גיט איהר צו קוראַש מיט אַ געזאַנג:

ציגאַלע, מיגאַלע, רייב די קלאַצקים,
רויטע פאַמעראַנצען!
אַז דער טאַטע שלאָגט די מאַמען,
געהען די קינדערליך טאַנצען!

אסתר'ל ווערט מיעד, וואַקעלט זיך אויף די פיסליך:

ציגאַלע, מיגאַלע, רייב די קלאַצקים,
רויטע פאַמעראַנצען!
שכור'ט זיך נור איין דאָס קעפיל,
געהען די פיסעליך טאַנצען!

און אפשר האָט מען איהר געגעבען אַ לעק פון אַ קעלעשיקל, מיט וועלכען מען האָט אַ מוהמע מכבד געוועזען!

עס איז אַזוי אָנגענעהם צו זעהען, ווי אַ קינד ווערט "לעבעדיג"!

---

אסתר'לס מוטער ליגט שוין אין אַ צווייטען קינפעט, אָדער האַנדעלט שוין און וואַנדעלט אין די גאַסען. אסתר'ל בעקומט חברת'ען און מען שפּיעלט זיך.

מען נעמט זיך אָן ביי די הענד, מען מאַכט אַ ראָד, איין מיידעלע בלייבט שטעהען אין דער מיט.

דאָס רעדיל זינגט:

אַ ראָד און אַ ראַנגע!
אַ שטרויענע פאַנגע!
זיבען מאָל אַרום,
הייקע קוק זיך אום!

דאָס רעדיל דרעהט זיך און ווען הייקע האָפּט, די געהט אויף איהר אָרט.

אָדער עס הויבט זיך אָן מיט אַ מעשה:

"איין אַלטער קאַטלאר האָט געדאַרפט קעסעל כלים צו בעשלאָגען;
"אַ צווייטער ווייסט נישט וויפיעל שינדעל־נענעל מען דאַרף האָבען".

און מען ציילט די קינדער אין ראָד, נישט קיין עין הרע צו געבען: "נישט איינס, נישט צוויי, נישט דריי"... און צום גראַם: "אָדער לידערליי!"

מען לערנט זיך צעהלען אויפ'ן נוסח פון "אחד מי יודע": איינס — אַ מילינג, צוויי — אַ צווילינג, דריי מזומן, פיער רעדער, פינף פינגער, א. ז. וו.

זי שפּיעלט זיך מיט אַ חברת'ען.

איינע פרעגט, די צווייטע ענטפערט:

— סייבאַלע, סייבאַלע!
— פּי־פּי־פּי!
— וואו איז די מאַמע?

אָדער דער טאַטע.

— ד' אי' ניש' היא!
— וואָס וועט זי ברענגען?
— אַ גלעזועלע ביער —
— וואו וועט מען עס שטעלען?
— אונטער דער טהיער!

אַ ניט, נעהט עס גאָר אַנדערש:

— וואָס וועט ער ברענגען?
— אַ חתנ'לע פאַר דיר!
מזל טוב, מזל טוב טאָכטער דיר!
צונעשניטען און אויפגענייט
אַ תנאים קליידעל, —
אַ וואָרע מאַכט, דער חתן געהט!
אַ וואָרע געמאַכט.
אַ חתן געבראַכט,
אָבגעהוליעט —
אַ גאַנצע נאַכט!

---

אסתר'ל קלערט וועגען אַ "משה'לע", וועגען אַ חת'לע; עס קומט איהר!

אַ שיין מיידעלע בין איך,
רויטע זעקעליך טראָג איך!
טויזענד טהאַלער פערמאָג איך!

דאַכט זיך נענוג נדן! אָדער:

אַ שיין מיידעלע בין איך דאָך!
רויטען פאָדעם שפּין איך דאָך!
אַ רייכען טאַטען האָב איך דאָך!
הייגט — וואָס פעהלט מיר נאָך?

עס פעהלט איהר ווירקליך גאָר נישט אויסער אַ חתן...

אסתר'ל זאָגט צום פאָטער:

טאַטע, טאַטע, געה אויפ'ן בן זכר!
און קלויב מיר אויס אַ שיינעם בחור!
מיט לאַנגע פאות און שוואַרצע אויגען!
צו דער הייליגער תורה זאָל ער טויגען!

זי האָפּט אַמאָל אָן די מוטער:

— מאַמע, וואו געהסט דו?

די מוטער ווענדעט זיך אויף דער פראַגע און ענטפערט:

טאָכטער, וואָס ווילסט דו?

אסתר'ל בלייבט שטעהען פערשעמט און שווייגט.

די מוטער וויל דאָך טרעפען וואָס די טאָכטער וויל:

ווילסט דו נישט אַ פּאָר שיכעליך האָבען!
וועל איך געהן דעם שוסטער זאָגען!
— ניין, מאַמע, ניין!

און אין האַרץ טראַכט אסתר'ל פערדראָסען:

אוי איך האָב אַ שלעכטע מאַמע,
זי ווייס נישט, וואָס איך מיין!

און עס געהט ווייטער:

— מאַמע, וואו געהסט דו?
— טאָכטער, וואָס ווילסט דו?
— ווילסט דו אַ קליידעלע האָבען?
וועל איך געהן צו דער שניידערקע!

— ניין, מאַמע, ניין, וכו'

אפשר אַ היטעלע? וועט זי בעשטעלען ביי דער "פוצערקע", אַ פּאָר זעקעליך, בעקומט מען ביי דער "קניטערקי", — אַליץ — "ניין" און "ניין"! אַליץ אַ שלעכטע מאַמע "זי ווייסט נישט, וואָס איך מיין!"

אַז די מוטער פרעגט אָבער

— אפשר ווילסט דו אַ חָת'לע,
וועל איך געהן דעם שַדְכָן זאָגען!
ענפערט זי: — יאָ, מאַמע יאָ!
הייסט, אַ גוטע מאַמע ד'האָב,
ווייסט זי, וואָס איך מיין!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און וואָס פאָר אַ מאַן ווילסט דו אסתר'ל?

— "אפשר ווילסט דו אַ שוסטער פאָר אַ מאַן?"

"אַ שוסטער וויל זי ניט, דראַטווע ציהען קען זי ניט! קיין שמיעד אויך ניט, אייזען ברעכען קען זי אויך ניט; זי וויל אפילו קיין שענקעריין נישט זיין, פלעשער-שווענקען איז אויך נישט קיין זיס לעבען... אַ מְלַמֵד איז שוין יאָ עפּיס רעכטס, ער לערנט די הייליגע תּוֹרָה, נו "שְכִירוֹת מאָהנען" איז נישט פון די גוטע זאַכען!

אַ רביצין זיין וויל זי, זי איז אַליין "אַ רביצינס איין אייניקיל".

און טרעפט זיך אַזוי געשווינד קיין חתן נישט טרויערט זי:

אויף אַ הויכען שטיין
זיץ איך און וויין;
אַלע מיידליך האָבען חֲתָנִים,
נור איך איינע — ניין!

נאָר אסתר איז דאָך אַ כַּלָה געוואָרען...

ווי אַ חֲלוֹם איז איהר אַריבער די כַּלָה-צייט, די חוּפָּה-צייט. בערוישט פון נייע קליידער, פון מוזיק, פון כלה-טאַניץ, האַפּט זיך אויף פלוצלינג אַ וויביל... זי פאָהרט שוין אָב.

זי געזעגנט זיך מיט פאַטער און מוטער:

זייט געזונד, ליעבע עלטערן,
איך פאָהר אַוועק
אין ווייטען וועג,
וואו קיין ווינד וועהעט ניט,
וואו קיין פויגעל פליהט ניט,
וואו קיין האָהן קרייעט ניט!

— — — — — — — — — — — — —

זיי מיר געזונד, מיין פאַטער געליעבטער!
זאָל שוין נעמען איין עק!
דיין זאַליץ און ברויט האָב איך געגעסען, —
צינד פאָהר איך אַוועק!

עס איז ביטער, געליעבטער פאַטער,
אַ פייגעלע ז'וויסטען וואַלד אַליין!
עס איז ביטער, געליעבטער פאַטער,
מיר אין פרעמדען לאַנד אַליין!

זיי געזונד, געליעבטע מוטער,
זאָל שוין נעמען איין עק!
דיין מילך פון ברוסט האָב איך געזויגען, —
צינד פאָהר איך פון דיר אַוועק!

אין פרעמדען לאַנד, אונבעקאַנט,
בין איך עלענד ווי אַ שטיין, —
אַז איך דערמאָן מיך אָן דער היים
זיץ איך און וויין, איינע אַליין!

איבער'ן טאָג איז זי עלטער און טיעפער געוואָרען; דאָס האַרץ אַרבייט "אויף אַלע כֵּלִים"...

(פאָרטזעטצונג קומט). בֶּן-תָּמָר.

# ביכער-קריטיק.

ס. ס-קי. געדאַנקען וועגען ציוניסטישע קאָנגרעסען (רוסיש, יעקאַטערינאסלאַוו).

ווען ה. ס. ס—קי וואָלט אַ נאָמען געגעבען זיין קליין ביכיל „אַ בעריכט וועגען פיערטען קאָנגרעס", וואָלטען מיר צו איהם ווייניג וואָס טענות געהאַט. נאָר ער האָט זיך ניט בעגנוגנט מיט אַזאַ איינפאַכען נאָמען, עס האָט איהם געפעהלט אַ ביסעלע עֲנָוּת, און דעריבער מוז ער איצט צוליעב זיין נאָוה אויסהערען מיינע עטליכע טענות.

וואו ליגען אין אייער ביכיל בעהאַלטען אייערע „געדאַנקען„ העהר ס. ס—קי? צי אין דעם וואָס איהר בעטראַכט דעם קאָנגרעס ניט ווי אַ שפּיעלצייג פאָר גרויסע קינדער און מיינט, דאָס די דעלעגאַטען וואָס זענען געקומען אויפ'ן קאָנגרעס שטרעבען צו אַ הויכען ציעל? צי אין דעם, וואָס איהר זאָגט דאָס דער ציוניזם איז די „זעלבסטהילפע" פון יודישען פאָלק? אָדער אפשר ליגט נאָר אייער הויפּטגעדאַנקען אין דעם, אַז די „קולטורפראַגע" אין ציוניזם איז אַ וויכטיגע פראַגע, וועלכע מען דאַרף ניט און טאָר ניט ארונטערמאַכען אונטער'ן האַנד? אָדער דאַכט זיך אייך, דאָס דער טיעפסטער רעיון אייערער איז, דאָס דער ציוניזם דאַרף זיך צוקיקען צו דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יודען? אויב דאָס זענען אייערע „געדאַנקען", מוז איך אייך זאָגען, אַז צוליעב זיי האָט ניט געלוינט צו שרייבען און צו דרוקען אייער ביכיל. בעטראַכט זיך איינער אַליין ה. ס. ס—קי! איהר אַליין זייט אונצופריעדען מיט דר. קאַצנעלסאָן'ס בעריכט אויפ'ן 4-טען קאָנגרעס, וועגען דער יודישע עקאָנאָמישער לאַגע „וועלכער האָט איבערגהזר'ט אַלטע אָבגעניצטע תורות איבער די לאַגע פון יודישען פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד, איבערשרייבענדיג די ציפער פון סובאָטין'ס בוך" (3—22), און פונדעסטוועגען שעמט איהר זיך ניט צו טהון דאָס אייגענע וואָס איהר זאָגט אויף דר. קאַצענעלסאָהן, און ניט דאָס נאָך אַ נאָמען „געדאַנקען וועגען די קאָני"עסען".

מאַנכער לעזער וועט אפשר פרעגען, וואָס שאַדט דאָס ווען מען חזר'ט איבער אַלטע תורות נאָך אַמאָל? דערויף וועל איך ענטפערן, עס שאַדט, ווייל, ערשטענס חזר'ט מען שוין דאָס ביי אונז אין דער ציוניסטישער ליטעראַטור צו אָפט איבער, נאָך מעהר ווי 101 מאָל, און צווייטענס, וואָס מעהר אונזער ציוניסטישער ביכער-מאַרק וועט פול ווערען מיט שוואַכע בלייכע אַביסיל אונטערגעפרישטע נייםטיגע פריילך, וועט אַליץ ניכער פאַלען די אכטונג צו אונזער ציוניסטישער ליטעראַטור, וועלכע הינקט נאָך ביז היינטיגען טאָג אויף אַלע פיער.

מיט נויט און צרות קען נאָך ה. ס. ס—קי'ס ביכיל אַנגעהן פאָר אַ בעריכט וועגען פיערטען קאָנגרעס. דען פון אַ ש אַ ר פ ע ן בליק און אַ ט י פ ע ר קריטיק איז אין איהם ווייניג וואָס צו זעהן. די שפּראַכע אין ביכל איז ניט שלעכט, דער טאָן איז אַ רוהיגער, און דאָס איז פיליכט דער איינציגער שבח, וואָס איך קען אויף איהם זאָגען.

בַּעַל מַחֲשָׁבוֹת.

Verlag „Achiasaf", Verantwortlicher Red. M, Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrukerei Josef Fischer Krakau